טריט פון געפּאַנצערטן גלויבן און מוט,
פון דורות בטחון געירשנט אין בלוט.
— — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — —
טריט צום פאַראַנקערטן אייביקן אמת, —
מיר האָבן געטראָטן א טראָט נאָך א טראָט.

מיר זענען די שפּירער וואָס האָבן געשפּירט
קיום פון היינט אינם אור־אַלטן נעכטן.
מיר זענען די פירער וואָס האָבן דערפירט
עונש און שכר צו א זין א גערעכטן.

מיר זענען די היטער וואָס האָבן פאַרהיט
פונק פון אמונה אין וואָרט דעם פאַרשוועכטן.
מיר זענען די גליער וואָס האָבן צעגליט
פונק פון סכנה אין לייב דעם פאַרקנעכטן.

פון יעקב בראָדסקיס פּאָעמע
„דאָס וואָרט".

# צו דער רעוויזיע פון נאַציאָנאַל-ראַדיקאַלן געדאַנק

.1

די נייסטע פאָרשונגען און דערקענטנישן אויף אַלע געביטן פון קולטור, און די נייע געפילן און איבערצייגונגען, וועלכע באַהערשן איצט אייניקע פונ׳ם ראַדיקאַלן לאַגער, האָבן אַוועקגעשטעלט אין פאָדערגרונט די נויטיקייט און דעם דראַנג צו ר ע ו ו י ד י ר ן א ל ץ, וואָס גייט אונטערן נאָמען ר א ד י ק א ל ע ר ג ע ד א נ ק. געקומען איז די צייט, ווען מיר מוזן קריטיש דורכנעמען און אָפּפערוויליג זיך איינשטעלן פאַר אַ גרינדלאַכער איבעראַנדערשונג פון אַ סך פון אונזערע באַגריפן וועגן מענטש, וועלט, גאָט און די שייכותן צווישן זיי.

עטוואָס מער ווי צען יאָר זיינען פאַרבייגעגאַנגען זינט איך האָב, אין פאַרבינדונג מיט מיין רוף צו אַ נייעם סאָציאַליזם, זיך איינגעשטעלט פאַר אַ רעוויזיע פון דעם ראַדיקאַליזם, וועלכער איז דער איינציג-גינסטיקער באָדן פאַרן אַלטן ווי פאַרן נייעם סאָציאַליזם.

אַ נייער ראַדיקאַליזם — ווערט אין אַזעלכע אָדער אַנדערע ווערטער געזאָגט אין מיין בוך „קולטור און ציוויליזאַציע" — מוז קומען אויף דער וועלט, אָדער אפשר גאָר אַ ר א ד י ק א ל ע ר ק א נ ס ע ר ו ו א ט י ז ם, וועלכער זאָל פאַרנעמען דאָס אָרט פונ׳ם איצטיגן קאָנסערוואַטיוון ראַדיקאַליזם. דער נייער ראַדיקאַליזם וועט מוזן אַרבעטן פאַר דער קאָנסערווירונג פון אַלץ איינ׳ם לעבן פון אַמאָל, וואָס איז געווען שיין, דערהויבן און הערלאַך. ער וועט מוזן פון דאָס ניי אַריינברענגען אין דעם איצטיקן לעבן ווי אַ ווירקנדיקע קראַפט אַלץ פון דעם אַמאָל, וואָס איז אַלט און דאָך ניי,—ווייל עס טראָגט אין זיך אַן א י י ב י ק ן אמת. פאַראַנען אמת׳ן, וואָס הגם זיי בייטן אין פאַרלויף פון צייט אויף טויזנטערליי אופנים זייערע פאָרמען, בלייבן אָבער זייערע אינהאַלטן אויף אַלע מאָל איינע און דיזעלביקע. איינער פון די דאָזיקע אמת׳ן איז פאַרוואָרצלט אין דעם גלויבן און אין דעם געפיל פון מענטש, אַז די וועלט איז אין איר תוך און מהות פול מיט געדאַנק, געפיל און ווילן; אַז רוחניות דאַריבער און ניט

נשמיות איז דער מקור און ענדציל פון וועלט און מענטש, און אז דער אנהאלט און אינהאלט פון אלץ — איז וועלט ווי אין מענטש—איז גאט. מיט דעם דאזיקן פעסטן גלויבן און טיפן געפיל, וועט איך מוזן דורכגעדרונגן ווערן דער ראדיקאליזם, כדי צו קאנען אנהאלטן מיט דער אנטוויקלונג פון קולטור און אלע אירע אויסדרוקן, און כדי צו שטויסן דעם מענטשלאכן גייסט אין די הויכן אנשטאט אין די נידערס.

עס איז דאך ניט געווען דער ראדיקאליזם, וועלכער האט דער ערשטער פארלייקנט דעם געדאנק, אז פאראן איז אין דער וועלט און איבער דער וועלט אז איינאיינציקער, אלץ שאפנדיקער און מיט אלץ אנפירנדיקער גייסט, וואס הייסט גאט; און ניט ער האט דער ערשטער זיך איינגעשטעלט פאר דעם, אז מענטש, וועלט און די שייכותן צווישן זיי קאנען דערקלערט ווערן און צו טיפקייטן דער־פירט ווערן אז דער השערה אדער פארשטעלונג פון אן אלוועלט־לאכן גייסט. די פארלייקענונג פון דער גאט אידעע און דאס מאלן זיך די אנטשטייאונג פון וועלט און מענטש אז אן הערשנדיקן גייסט, זיינען געקומען צום ראדיקאליזם ווי א היפאטעזע פון דער וויסנשאפט אין דער צייט, ווען איר האט זיך געדוכט, אז זי פאר־מאגט גענוג גייסטיגע וואפן אויף דורכצוברעכן אלע גדרים און אריינצורייסן זיך אין די גרעניצן פון פילאסאפיע, קונסט און רע־ליגיע און ווערן אזוי ארום די אלייןהערשערין אין דעם קיניגרייך פון דערקענטניש. דער „אויפטו" פון׳ם ראדיקאליזם אויף דעם געביט איז געווען נאר דאס, וואס ער האט געלאזט די דאזיקע וויסנשאפט־לאכע היפאטעזע פאראדירן ווי א ו ו י ס ע נ ש א פ ט ל א כ ן אמת. דערמיט האט ער בלויז פארפירט און צו גארנישט דערפירט די מוחות און הערצער פון די ראדיקאלן.

די וויסנשאפט גופא אבער, ווי דאס ווייסן שוין איצט אלע, וועלכע קוקן נאר אריין אין אירע קליינע אותיות, הויבט זיך אז שוין איצט צו דערשלאגן צו גאנץ אנדערע שטעלונגען און באַ־נונגען בנוגע די אייביקע פראגן און אייביקע רעטענישן. דאס זענען די פראגן — ווי פרץ זאגט — „וואס קלינגען ארויס צו אונז פון אונטער דער ערד און פון איבער די וואלקנס, פון אלע וויטן און ברייטן, וואס וועקן אונז פון טיפסטן שלאף, וואס טרייבן די שענסטע אדם וחוה פון גן עדן ארויס, וואס יאגן אונז אז אויפ־הער אויף דעם ברייטן אומענדלאכן לעבנס־וועג פון פארשטעלונג צו פארשטעלונג, פון פארם צו פארם, פון וועלטן צו וועלטן. — וואס טרייבט ? וואס איז וועלט ? וואס איז לעבן און טויט ? ליבע און האס ? וואס בויט און צושטערט ? וואס רופט צוזאמען

און צעטרייבט ? דאס זיינען די אייביקע פראגן. מיט דער צייט ענדערט זיך די פארם, עס טוישט זיך דער ארקעסטער, עס טוישן זיך אויך די אינסטרומענטן, די סימפאניע בלייבט די זעלבע".

אויפגעשטאנען זיינען לעצטנס וויסנשאפטלער פון גרויס באטייט, וועלכע פרעגן שוין מער ניט אפ די מעגלאכקייט זיך פארצושטעלן, אז לעבן און גייסט עקזיסטירן מחוץ און איבער אלע קאטעגאריעס פון שטאף און ענערגיע. ובכן, איז אויב מיר ווילן, אז אונטער דעם באגריף נ א ט ו ר זאל פארשטאנען ווערן דוקא נאר דאס, וואס קאן צוריקגעפירט ווערן צו שטאף און ענערגיע, העמאלט איז עס העכסט וויסנשאפטלאך צו גלויבן אין דער עקזיסטענץ פון איבערנאטירלאכע כחות, וואס באווירקן און באאיינפלוסן אונז אויף אן אקטועלן און אוממיטלבארן אופן. ווילן מיר ווידער מיט שפינאזאן דערהויבן און פארטיפן דעם באגריף נאטור אזוי, אז ער זאל איינשליסן אין זיך אויך לויטער לעבן, ריינעם גייסט, אלץ דורכדרינגענדיקן באוואוסטזיין, דעמאלט מעג מען אין הסכם מיט די געבאטן פון דער וויסנשאפט, אידענטיפיצירן דעם העכסטן פרינציפ פון נאטור, איר קדשי־קדשים, מיט דעם איינאיינציק־העכסטן אלוועלטלאכן גייסט אדער—גאט. נאר אויף אזא און ניט אויף אנדער אופן מעג מען זאגן, ווי שפינאזא האט געזאגט: דעאוס סיווע נאטורא — גאט אדער נאטור.

דער אמעריקאנער נאטוראליסט דזשאן בעראוס האט שוין מיט פערצן יאר צוריק דערלויבט צו דענקן, אז די ביאלאגן האבן מער ניט קיין גרונד צו גלויבן, אז נאר בלינדע פיזישע קרעפטן זיינען פאראנטווארטלאך פאר דער אנטשטייאונג און אנטוויקלונג פון לעבעדיקע באשעפענישן. זיי, די ביאלאגן, קאנען מער ניט צולאזן דעם געדאנק, אז אזא קאמפליצירטער מעכאניזם ווי דער מענטשלאכער קערפער מיט אלע זיינע וואונדערבארע אברים, איז א רעזולטאט פון בלינדן צופאל: א צווישנשפיל פון פיזישע קרעפטן, וואס ארבעטן אן א ציל און אן א צוועק. די דאזיקע פיזישע קרעפטן אליין קאנען אויף קיין אופן ניט דערקלערן די אנטשטייאונג און אנטוויקלונג אפילו פון אזא איינפאכער און נידעריקער באשעפעניש ווי די אמעבא.

„די וועלט, — שרייבט בעראוס — איז ניט קיין לאבירינט פון ווירקונג, געגנווירקונג און צווישנווירקונג פון פיזישע קרעפטן. וועלט טראגט אין זיך אויף א פארבארגענעם צו אונז אופן זין און ווערט, ציל און צוועק. זי איז דורכגענומען מיט גייסט און באוואוסטזיין. די נאטור איז בלינד דערפאר, ווייל אין איר טיפסטן תוך איז זי דורכאויס אויג, און זי זעט דורך די שפראץ־

אויגעלאַד פון אירע בוימער, דורך די וואָרצלען פון אירע פלאַנ־צונגען אַזוי גוט ווי דורך די אַפּטישע נערוועז פון אירע חיות".

און דאָס אויג פון אַלע אויגן און די זעעוודיקייט פון אַלע זעאונגען איז דאָס אויג און די זעעוודיקייט פון דעם העכסט גייסטיקן וועזן — גאָט.

די וויסנשאַפטלאַכע פאָרשונגען הויבן אַלזאָ אָן אַלץ מער און מער צו פירן דעם מענטשן אין דער זעלביקער ריכטונג, אין וועלכער עס האָבן אים אַלע מאָל געפירט די פילאָסאָפישע ספּעקו־לאַציעס און די רעליגיעזע אַנטפּלעקונגען ; דאָס מיינט אין דער ריכטונג פון אַוועקצושטעלן איבער און אין אַלץ וואָס הייסט וועלט, נאַטור און מענטש — דעם אחד ואין יחיד כיחודו — דעם איינציגן, וואָס ניט פּאַראַן איז קיין איינציגער ווי זיין איינ־ציקייט און וואָס הוא היה, והוא הוה והוא יהיה — ער איז געווען, ער איז איצט און ער וועט זיין און והוא אלי וחי גואלי — וואָס ער איז מיין גאָט און ער — מיין אויסלייזער, לעבט".

אויסלייזער פון וואָס ?

אויסלייזער פון דעם דערדריקנדיקן און צעשמעטערנדיקן געפיל, אַז ניטאָ איז אין דער וועלט קיין מער זעעוודיק אויג, מער הערעוודיק אויער, קיין טיפער פילנדיקע נשמה און מער ארומ־נעמענדיקער פאַרשטאַנד, ווי דאָס אויג, דער אויער, די נשמה און דער פאַרשטאַנד פון דעם וועזן — מענטש.

,,אונזער לעבן — שרייבט פּרץ — וואָלט אַ זומפּ געוואָרן, ווען גאָט'ס ווינטיגער אָטעם זאָל ניט בלאָזן איבער דעם וואַסער און טרייבן דאָס שיפל אַלץ ווייטער און ווייטער צום גע'חלום'טן ברעג".

נישט צו די גע'חלום'טע ברעגעס פון נשמה־טיפקייט, גייסט־רייכקייט און פרייד־זעליקייט האָט די וויסנשאַפט, העדר אַפּגאָט פון דעם ראַדיקאַליזם, געפירט די מענשהייט פאַר די לעצטע הונדערט יאָר, און זיכער ניט אין דער צייט, ווען זי איז געפאַלן כורעים פאַר דעם מאַטעריאַליזם און איז ביז צום לעצטן טראָפּן אויסגענוצט געוואָרן פאַר ציוויליזאַציע אַנשטאָט, ווי זי וואָלט געקאָנט, ווען ניט איר רייסן זיך צום פילאָסאָפישן מאַטעריאַליזם, אויסגענוצט ווערן פאַר קולטור. פאַר דער דאָזיקער גאַנצער צייט האָט זי געריכטעט דעם מענטשן צו די ממשותדיקע ברעגעס פון נשמה־פלאַכקייט און גייסט אָרימקייט.

און נישט נאָר איז עס אַזוי איצט, נאָר געווען איז עס אַזוי אַלע מאָל. צו יעדער צייט און אומעטום, ווען נאָר די ציוויליזאַציע פלעגט עולה לגדולה ווערן, האָט זי געפירט דערצו, אַז דער מענטש

אונטער איר השפעה זאָל זיך בוקן צום נידעריגן און פּלאַכן, צום ציטווייליגן און פאַרגענגלאַכן און קוקן פון אויבן אַראָפּ אויף אַלץ, וואָס שלאָגט אין דער טיף, שטויסט אין דער הויך און ציט זיך צו דעם, וואָס איז אומענדלאַך און אייביק. און דערפאַר זיינען טאַקע פעלקער אונטערגעגאַנגען, אָפּגעווישט געוואָרן פון דער ערדס־פּלאַך, ווי די נביאים האָבן עס פאַראויסגעזאָגט אין יענעם מאָמענט, ווען זייער ציוויליזאַציע האָט דערגרייכט די העכסטע פאַר יענער צייט מדרגה. אין אַזאַ מאָמענט, ווען די ציוויליזאַציע האָט באַוועלטיגט די קולטור,

זאָגט דער נביא יחזקאל צום פירשט פון צור :

מיט דיין גרויס חכמה און מיט דיין שכל
האָסטו דיר אָנגעשאַפט אַ פאַרמעג,
און אָנגעשאַפט גאָלד און זילבער אין דיינע אוצרות.
מיט דיין גרויס חכמה, מיט דיין האַנדל,
האָסטו געמערט דיין פאַרמעג !
און דיין האַרץ האָט זיך דערהויבן וועגן דיין פאַרמעג.

דרום זע, איך ברענג אויף דיר פרעמדע,
די פאַרכטיגסטע פון די פעלקער,
און זיי וועלן אַרויסציען זייערע שווערדן
אויף דיין שיינער חכמה,
און זיי וועלן פאַרשוועכן דיין גלאַנץ .
אין גרוב וועלן זיי דיך נידערן
און דעם טויט פון אַ דערשלאָגענעם וועסטו שטאַרבן
אין האַרצן פון די ימן.

געזען האָט דער נביא אַלע מאָל די געפאַר פון אונטערגאַנג אין דער געוועלטיגונג פון מאַטעריע איבער גייסט, פון ציוויליזאַציע איבער קולטור און פון גאָטלאָזיקייט איבער גאָט־גלויביקייט. און דראָהט דען איצט ניט די זעלביקע געפאַר נאָר אַ סך פעלקער, און נאָר דערפאַר, וואָס אַנשטאָט זיך הויבן הויך צום הימל פון קולטור, בויגן זיי זיך אַלץ נידעריקער און נידעריקער צו דער ערד פון ציוויליזאַציע. דוכטן האָט זיך אָנגעהויבן דער מענטשהייט אינ׳ם לעצטן יאָרהונדערט, אַז די מיט מענטשלאַכע הענט געבויטע ווינט־מילן קאָנען פאַרטרייבן די מיסטעריען, וואָס זיינען פאַרבאָרגן אין יעדן זעמדעלע און שטיינדעלע אויף דער פלאַך פון דער ערד און אין יעדן וואָלקענדל און שטערנדל אין דעם הימל. און אַז די פליגלען פון די לופט־שיפן וועלן אַריינטרייבן מענטש אין די העכסטע הימלען אַריין און מאַכן אַ סוף דאָרט פון גאָטס

הערשאפט און פון אלץ, וואס איז ביז איצט פארשטאנען געווארן אונטער מלכות שדי.

ווי הימל איבער ערד, אזוי מוז קולטור זיין איבער ציוויליזאציע, די ציוויליזאציע מוז געמאכט ווערן צו גלוסטן צו קולטור, אבער די קולטור מוז איבער איר געוועלטיקן. איז עס חלילה פארקערט, האלט עס שלעכט מיט מענטש, פאלק און מענטשהייט. מענטש גייט אויף און שטייגט אויפ'ן וועג צו גאט, אבער ער פאלט און פארגייט אויפן וועג צו דעם, וואס איז בלויז מענטש אדער נאך ווייניגער ווי מענטש. א וועלט, וואס ווערט נישט דערפילט פון מענטש, ווי א געשאפענע פון א העכסט גייסטיקער קראפט, א וועלט אן אויסגעליידיקטע פון גאט, מוז סוף כל סוף אויך אויסגעליידיקט ווערן פון הארץ און נשמה, פון זין, ווערט און צוועק. זי מוז ווערן א הפקר וועלט. אין אזא וועלט קאן מענטש צו לאנג ניט אטעמען.

דער סאציאליזם אין זיין ביז איצטיגער געשטאלט וועט ניט ראטעווען ניט מענטש און ניט מענטשהייט, ווייל ער, ווי דער ראדיקאליזם, וואס האט אים צו לעבן געבראכט, שטיצט זיך אויף א גלויבן אין עטער אנשטאט — גאט, אין מאשין־קראפט אנשטאט —ווילנסקראפט און אין געזעץ פון נאטור א סך מער ווי אין פרייהייט פון גייסט. די האפענונג דאריבער אויף א רעטונג, דער גלויבן אין נאציאנאלער און סאציאלער גאולה, קאן איצט דערמוטיגט און געקרעפטיגט ווערן נאר פון א פילן און א פאר־אויסזען, אז אויפשטיין מוז און וועט א נייער דור פון ראדיקאלע מענטשן, וואס געטריבן פון הונגער ניט נאר נאך ברויט און וואסער, וואס דאס איז ציוויליזאציע, נאר אויך — און מער — נאך גאט און זיין ווארט, וואס דאס איז קולטור — וועלן זיי ניט רוען און ניט איינשטילן זייערע געמיטער, ביז וואנען עס וועט ניט צווישן מענטש און מענטש און צווישן פאלק און פאלק, אין די ווערטער פון דעם נביא עמוס:

קוואלן ווי וואסער גערעכטיקייט
און רעכטפארטיקייט ווי א שטראם א שטארקער.

די נאציאנאלע און סאציאלע געשעענישן און איבערקערע־נישן אין דער וועלט היינט צו טאג, די אלע לעצטע אומקומענישן און אויפקומענישן אויף אלע קולטור־גייסטיגע געביטן, האבן בלי שום ספק דרינגענדיקער געמאכט די באלדיקע נויטווענדיקייט פאר אלע ראדיקאל געגויגטע מענטשן זיך פון דאס ניי צו פארטראכטן וועגן די אויסגאנג ־ פונקטן און ענדצילן פון דעם ראדיקאליזם: וואס זיינען זיי און וואס דארפן זיי זיין. און נאך

מער ווי פאר אלע ראדיקאלן איז אזא פארטראכטן זיך נויטיג פאר די אידישע נאציאנאלע ראדיקאלן.

דער פאקט, וואס די דאזיקע נויט הויבט אן, ווי מיר וועלן באלד זען, דערפילט צו ווערן און אין שריפט אויסגעדריקט ווערן פון אונזערע באדייטנדיקע אידישע דיינקער און שריפטשטעלער, איז א זיכערער אנדייט אויף דעם, אז געקומען איז אויף אן אמת די צייט פאר דער ראדיקאליזירונג פון דעם ראדיקאליזם.

דער רוף דאריבער צו א נייעם ראדיקאליזם פאדערט איצט פון יעדן איינעם, וואס רופט אדער איז סימפאטיש צום רוף, אז ער זאל זיך אנשטריינגען ביז גאר אויף צו געבן אזא קלארע תשובה, ווי נאר מעגלאך אויף דער פראגע : וואס זאלן זיין די יסודות, אויף וועלכע עס זאל געבויט ווערן דער דאזיקער נייער ראדיקאליזם אדער ראדיקאלער קאנסערוואטיזם ? א קלארקייט דארף און מוז אריינגעבראכט ווערן אין דעם ענטפער צו דער פראגע : ווי אזוי און מיט וועמען זאלן מיר טאקע באלד צוטרעטן צום בויאונג און איבערבויאונגס פראצעס, וואס אויף אים קאן פיל האפנונג געלייגט ווערן, אז ער זאל ראטעווען פון אונטערגאנג אלץ, וואס איז דערהויבן און גוט, און וואס איז צושטאנד געקומען דורך אומגעהויערער מיה און מסירת נפש פון מענטשן אן א צאל אין לויף פון יארן אן א שיעור ?

.2

„אונטערגאנג דראהט דער אייראפעאישער קולטור!" — איז דער וויי געשריי, וואס האט זיך נאר וואס דערהערט פון יענער זייט ים פון דעם אידישן געלערטן אהרן שטיינבערג. פון אים קומט אויך א רוף צום אידישן פאלק : הויב אן בויען פון דאס ניי אויף דיינע אלטע רעליגיעז־מאראלישע יסודות.

אין אן ארטיקל „די ירידה פון דער אייראפעאישער קולטור"*) שרייבט ער : „דער וואס פארקלערט זיך ניט וועגן דעם, צי האבן די געשעענישן פון 1933 ניט עפעס א טיפע אינווייניגסטע שייכות מיט די לעצטע יסודות פון דער נייצייטיגער דייטשער און דאריבער אויך אלגעמיין־אייראפעאישער קולטור, דער וועט בשום אופן ניט קאנען באגרייפן, וואו מיר האלטן היינט אין דער וועלט און דורך וועלכע חורבות מען וועט נאך מוזן בויען דעם וועג אין די צו־קונפט. נאך רוסלאנד און איטאליע איז דייטשלאנד די דריטע התראה. וויסט און וויי צום רעשטל פון דער אייראפעאישער קולטור, אויב זיי וועלן אריבער נישט געהערטרהייד. — די

*) זע „דאס פרייע ווארט".

גייסטיגע איבערקערעניש אין דייטשלאנד איז דער פועל יוצא פון אן אלגעמיינער כראנישער קולטור־קרענק, וואס איר הויפט סיבה איז בלינדע התפעלות פאר דער וויסנשאפט און איר הויפט סימפטאם — די גרייטשאפט פון גרויסן עולם צו גלויבן אין יעדן פילפארשפרעכנדיקן שקר, אבי ער זאל זיין וויסנשאפטלאך אויס־געפוצט. — נאכן דייטשן עקספערימענט, מוזן מיר וויסן, אז סיי וויסנשאפט, סיי פראגרעס זיינען פוסטע חלומות, ווען מען פאר־לאזט זיך אויף זיי בלינד. מיט דער וויסנשאפט און מיט דעם גלויבן אין פראגרעס איז עלול אונטערצוגיין די גאנצע אייראָ־פעאישע קולטור".

אין א לעקציע אויף דער טעמא „די איצטיגע אידישע לאגע אין ליכט פון דער געשיכטע" *) האט דערזעלביקער שטיינבערג געזאגט: „דאס אידישע פאלק איז ניט אונטערגעגאנגען צוזאמען מיט דער אנטיקער וועלט, ווייל עס האט אין מיטן פון דער וועלט־קאטאסטראפע ווייטער געבויט זיין לעבן אויף די אלע רעליגיעז מאראלישע יסודות. דעם דאזיקן מוסר השכל דארפן מיר היינט אפלערנען פון אונזער געשיכטע".

און אהרן שטיינבערג איז ניט איינער אליין אין זיין רוף. אויך זיין ברודער יצחק נחמן שטיינבערג, רעדאקטאר פון „די פרייע שריפטן", קומט באלד נאך אים ארויס מיט א רוף צו די אידישע מאסן — „צו יענע מיליאנען אומבאקאנטע טרעגער פון אידישן שיקזאל און אידישער צוקונפט, וועלכע האבן ביז איצט שטענדיג אויסגעהאלטן די שטורמס פון דער געשיכטע". צו זיי און דורך זיי — צום גאנצן אידישן פאלק — שרייט ער: רייניקט אייך פון ציוויליזאציע! דרינגט טיפער אריין אין תוך און מהות פון קולטור! בויט א נייע קולטור־פעסטונג פאר אייך און פאר די קומענדיקע דורות פון דער גאנצער מענטשהייט, בויט זי אבער אויף די אלטע פעסטע פארווארצלטע רעליגיעז מאראלישע יסודות.

אין אן ארטיקל: „הינטערשטעליג זענען מיר" *) שרייבט י. נ. שטיינבערג: „מיר וועלן זיך אויסדרייען צו אייך, ציוויי־ליזירטע געצנדינער, מיט יענעם פנים פון אמאל, פאר וועלכן עס האבן געציטערט די מעכטיגע פעלקער פון בבל, און אשור, פון יון און רוים... זיי, די גרויסע אימפעריעס מיט די גרויסמאכטיגע עבודה־זרה טעמפלען, האבן געהאסט אונז, ווייל זיי האבן געזען

---

*) באריכטעט אין „דאס פרייע ווארט".

*) זשורנאל „שיקאגא".

דעם געטלאכן אפשיין פון מאראלישן חוב און גלויביקער עקשנות...
ווייל אין אונזערע אויגן האבן זיי געלייענט די דראענדיקע ווערטער:
„אין שלום לרשעים!

„אט מיט דעם מאראלישן שלאכט רוף: אין שלום לרשעים"
—מוזן מיר אויך היינט אפשטעלן אונזער לויפן, אפשטעלן זיך, איבערכאפן דעם אטעם און איבערגרופירן די אייגענע גייסטיגע כחות — איבערבויען זאלן מיר זיך, ראשית כל. ניט נאר „סאציאלע אומשיכטונג און פראדוקטיווירונג" ווערט דא געמיינט, נאר איבערבוי פון תוך און סטרוקטור. א רעליגיעז מאראלישע איבעראקערונג פון דער פארטריקנטער ערד אונזערע. א נייער גוף זאל געשאפן ווערן צום אייביקן פרצוף. ווייל ניט די פעלקער, נאר מיר מוזן זיך „רייניקן" פון ציוויליזאציע".

שטארק און אמת'דיק זיינען די ווערטער פון די ברידער שטיינבערג. די דאזיקע ווערטער אבער ווי אלע אנדערע ווערטער זייערע אין די דערמאנטע ארבעטן לאזן איבער אומפארענטפערט די פראגן: וואס־זשע קאנקרעטעס און ממשות'דיגס דארפן מיר אנהויבן טאן, וואס זאל העלפן צוברעכן די מאכט פון וויסנשאפט־לאכקייט — דעם דיקטאטאר, וועלכער איז, לויט אהרן שטיינבערג, פאראנטווארטלאך פאר אלע איצטיגע דיקטאטורן אין דער וועלט? וואס אזוינס זאל אונטערגענומען ווערן, וואס זאל ברענגען מיט זיך ווען עס איז די אפשוואכונג פון דער מאכט פון ציוויליזאציע, וועלכע האט, ווי די וויסנשאפט ביז איצט, געדינט דעם אפגאט—מאטעריאליזם? ווי מאכט מען, אז מענטשן פון אונזער לאגער זאלן אנהויבן אלץ מער צו קלערן דעם קלער פון די ברידער שטיינ־בערג און אנדערע, אז „אפשר האט טאקע די ראליע, וועלכע די וויסנשאפט האט אין אונזער אייראפעאישער קולטור געשפילט, פון זיך אליין גורם געווען אז דאס גאנצע קולטור־געביי זאל זיך צעטרייסלען און צעשיטן ווי עס וואלט געווען געבויט אויף טרו־קענע זאמד?

דער געפיל, אז די איבערגעטריבענע מיינונגען וועגן דער ראליע פון דער וויסנשאפט שטעלן אין געפאר די קולטורישע און גייסטיגע אנטוויקלונג פון מענטש און מענטשהייט, האט נאך מיט יארן צוריק ארויסגעבראכט די פאלגענדיקע פאראגראפן אין מיין ווערק „קולטור און ציוויליזאציע":

„די וויסנשאפטלאכע צעברעקלונג פון דער וועלט אלס גאנצעס אין אן אומענדלאכער צאל טיילן און טיילכעלאך, האט אלץ מער און מער פארטונקלט פאר די אויגן פון דעם מענטשן דאס בילד פונ'ם וועלט־אל אין זיין אוממיטלבארער גאנצקייט. די דער־

פינדונגגען איינע נאָך דער אַנדערער פון אורזאַכן, וואָס דערקלערן פאַרשיידענע דערשיינונגען אין באַזונדערע טיילן פון דער וועלט; די האַפּענונגען, אַז אַט באַלד און מיר וועלן דורך די דאָזיקע דערקלערענדיקע אורזאַכן און דערקלערבאַרע דערשיינונגען צוקומען צו דער אורזאַך פון אַלע אורזאַכן; דער גוואַלטיגער אינטערעס פון דעם מענטשן אין די מאָמענטאַלע רעזולטאַטן פון די דער־פינדונגען — דאָס אַלץ אינאיינעם גענומען, האָט מוראַ'דיק פאַר־קלענערט דעם מענטשלאַכן אינטערעס און, גאַנץ אָפט, געפירט אַפילו צו אַ בוכשטעבלאַבער פאַרגעסנהייט אַז דער העכסטער רעאַליטעט — אין דער רעאַליטעט, וואָס אין איר טרעפן זיך צענויף אַלע אורזאַכן, און וועלכע קאָן בשום אופן ניט דערקלערט און דערגרונטעוועט ווערן דורך אַזעלכע וויסנשאַפטלאַכע מעטאָדן און צוטריטן. דער מענטש איז געגאַנגען אַזוי ווייט אין זיין גייס־טיקער געפאַלענקייט און קולטורישער אָפּגעשטאַנענקייט, אַז ער האָט זיך שוין אַפילו אָנגעהויבן צופרידנצושטעלן מיט דער אויבנאויפיג אויסזעהענדיקער אומדערקלערבאַרקייט און אומאַנטפּלעקטבאַרקייט פון דער וועלטס מהות.

די נאַטור מיט איר קאַאוזאַליטעט, וועלכע קאָן ניט אַנדערש ווי אויף וויסנשאַפטלאַכע אופנים געפאָרשט און אַנטדעקט ווערן, האָט דעם מענטש בלינד געמאַכט צו דער רעאַליטעט מיט איר זעלבסט־פאַראורזאַכטלאַכקייט, וועלכע ווערט דערבליקט און אַנט־פּלעקט אויף וועגן און אופנים, וואָס ליגן מחוץ ולמעלה פון דער וויסנשאַפט.

די וויסנשאַפט, וואָס מיט איר איז פאַר אַ געוויסער צייט על פּי טעות אידענטיפיצירט געוואָרן דער פּראָגרעס פון מענטש־לאַכן געדאַנק, האָט ניט געקאָנט שאַפן קיין נייע צילן און איינ־האַלטן פאַר דעם מענטשלאַכן לעבן, און ניט אַפילו פאַרטיפן זיינע אַלטע צילן און איינהאַלטן. און ניט געקאָנט האָט די וויסנשאַפט דאָס טאָן, ווייל זי האָט אַריבערגעטראָטן אירע אייגענע גרעניצן און אַריינגרייסנדיק זיך, אַ פאַר'שכור'טע פון אירע דערפאָלגן, אין די גרעניצן פון פילאָסאָפיע און אַנדערע קולטור־געביטן, האָט זי געשאַפן היפּאָטעזן וועגן דער אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון לעבן בכלל און פון מענטשלאַכן לעבן בפרט, וואָס זיינען אויפ־גענומען געוואָרן ווי אַבסאָלוטע אמתן פון אַ באַדייטנדיקן און ווירקזאַמען טייל פון דער מענטשהייט. ליידער זיינען עס געווען היפּאָטעזן פון דעם מין, וואָס האָבן ווי מיט דעם שאַרפסטן שווערד געשניטן די פליגלען פון דער מענטשלאַכער פאַנטאַזיע און האָבן ווי די שטאַרקסטע ווינטן געטראָגן אַז אַ שיעור זאַמד, וועלכע

האט זיך מיט דער שווערקייט פון בליי געליינט אויף די אפגרונטן פון מענטשלאכע נייגונגען און געפילן און פאראליזירט זיינע שטרע־בונגען און טואונגען״.

די פראגע, וואס דארף דאריבער צום שטארקסטן איצט עגבערן אונזער מוח איז : ,וואס זאלן מיר טאן כדי צו געבן פון דאס ניי פליגלען אונזער פאנטאזיע, און כדי צו באפרייען אונזערע הערצער און נשמות פון דער זאמדיקער און בלייענער שווערקייט און פון דעם פאראליז פון שטרעבונג און טואונג ?

וואס זאלן מיר טאן מיט זיך אליין, וואס זאלן מיר טאן מיט אונזערע קינדער און וואס זאלן מיר הייסן טאן אנדערע, אום כדי עס זאל, ווי יצחק נחמן שטיינבערג וויל עס, געשאפן ווערן א ניי אידיש פאלק, וואס וועט פון זיך צ י נ ד ן די וועלט ? וואס פאר א מאטעריאל זאלן מיר אנהויבן זאמלען, און וואו זאל ער געזאמלט ווערן, כדי עס זאל זיך וואס גיכער פאנאנדערברענען דאס פייער, וואס זאל צינדן די וועלט ?

אויף וועלכע וועגן פון טואונג און האנדלונג זאלן מיר אט שוין אליין אנהויבן גיין און אויך אונזערע קינדער פירן, כדי מען זאל קאנען דערווארטן וועלכע עס איז ממשותדיגע רעזולטאטן פון א שריי טאן אין דער וועלט אינאיינעם מיט יצחק נחמן שטיינ־בערג : „איר ר י י נ י ק ט זיך פון אונז, איר האלט זיך פאר באפלעקט פון אונז . . . פרא אדם׳ס וואס איר זייט ! מיר ווילן גארניט פאראומרייניקן אייך, מיר שטרעבן גאר ניט צו זיין ע נ ל א ד צ ו א י י ד. דאס איז פאר אונז ניט קיין יחוס און ניט קיין צוקונפט. מיר האבן אייגענע אויפגאבן, אייגענע מיסיעס, וועלכע איר, אין שטאל געפאנצערטע, מיט גיפט־גאזן באטויבטע סאלדאטן, — קענט אפילו ניט תופס זיין... איר ווילט דורך גזרות אונז צוריקווארפן צום מיטלאלטער ? מיר האבן קיין מורא ניט — מיר וועלן זיך צוריקקערן אויף יארטויזנטער צוריק — צו די צייטן פון א בארג סיני, פון נביאים״.

„צוריק צום בארג סיני, צו די נביאים״ באטייט אייגנטלאך דאס זעלביקע וואס : צוריק צו די אלטע רעליגיעז־מאראלישע יסודות. און איצט, ווען עס ווערט מיט יעדן טאג אלץ מער ניכר און פעסטער געשטעלט דער באנקראט פון די טרוימעריען פון דער וויסנשאפט און פון די צוזאגן פון דער ציוויליזאציע, איצט ווען דער מאטעריאליזם מיט זיין נאהנטן שכן אטעאיזם, קאנען שוין ביידע קוים וואס שלעפן זייערע פיס, וועלכע האבן זיך גאר ארויסגעוויזן צו זיין הילצערנע אנשטאט פון ביין און פלייש — איצט איז אזא רוף אויף צוריק — צוריק צו דער אנערקענונג

פון דער גרויסער ראָל פון רעליגיאָזיטעט, צוריק צו דער אַנדער־קענונג פון דער גרויסער ווירקונג און איינפלוס פון די עטישע געפילן — זיכער אַ רוף אין צייט, וואָס גילט פאַר אַלע צייטן און אַלע דורות.

וואָס מיר דאַרפן אָבער איצט פרעגן זיך איז: ווערט דער זין און דער גייסט פון די צייטן פון באַרג סיני און די נביאים פאַרשטאַנען אויף איינעם און דעמזעלביקן אופן פון אַלע די, וואָס רופן איצט צוריק צו דער תורה, וועלכע איז אויף אַט דעם באַרג געגעבן געוואָרן, און צו די נביאים, וועלכע האָבן אין נאָמען פון גאָט גערעדט צום פאָלק און דורך דעם פאָלק צו דער גאַנצער מענטשהייט די טיפסטע און שענסטע שטראָף רייד, וואָס זיינען ווען עס איז פון אַ מענטשנס מויל אַרויסגערעדט געוואָרן? מען קאָן דאָך ניט דערוואַרטן, אַז אַנדערע זאָלן אונז פאַרשטיין, דער־פילן און נאָכפאָלגן, אויב מיר אַליין, וואָס לאָזן אַרוים דעם רוף און וויי־געשריי, וועלן ניט פאַרשטיין, ניט פילן און ניט נאָכ־פאָלגן איינע די אַנדערע.

בעת מיר רופן צוריק צו די צייטן, ווען די געבאָטן זיינען געגעבן געוואָרן און ווען די נביאים האָבן אין גאָטס נאָמען געפאָדערט קולטורישע פאַרטיפונג און דערהויבונג, אָדער בעת מיר לייענען אַזעלכע רופן, דאַרפן מיר זיך דערמאָנען אין דעם פאַקט, אַז גאָר אַ סך ראַדיקאַלן און מיט זיי אינאיינעם כמעט אַלע קינדער, וואָס באַזוכן די אידישע נאַציאָנאַל ראַדיקאַלע שולן, פילן די צייטן פון באַרג סיני און פאַרשטייען די לערעס פון די נביאים אַזויפיל, וויפיל די אַנפירער פון די תלמוד תורות און די קינדער וואָס ווערן דאָרט דערצויגן, ווייסן און פילן וועגן די סאָציאַלע אכזריות און אומגערעכטיקייט און וועגן דער אויסלייזונג, וועגן וועלכע די סאָציאַליסטן מיט מאַרקסן בראש טרוימען שוין יאָרן לאַנג.

רחמים בעט איך מיך לעצטנס באַ אַ סך אידיש־נאַציאָנאַל ראַדיקאַלע קרייזן, אַז זיי זאָלן אויפנעמען דעם רוף פון דער צייט פאַר אַ נייעם אידישן לעבענסשטייגער, וועלכער זאָל רעוואָ־לוציאָניזירן די אידישע נאַציאָנאַל ראַדיקאַלע היים און שול, און איינצייטיק שוין מאַכן אַ סוף צום תהום, וואָס האָט אַלעמאָל עקזיסטירט צווישן דער היים, וועלכע דאַרף דערציהען און לערנען און דער שול, וועלכע דאַרף לערנען און דערציהען — אַ סוף צום תהום, וועלכער איז געווען אַלעמאָל און ווערט נאָך איצט מער — דער שטאַרקסטער סם המות פאַר דער דערציהונג און אַנטוויקלונג פון אידיש ראַדיקאַלן קינד און אַ גייסטיגער גליטש אַראָפּ וועגס

פאַר די עלטערן. מיין פאָדערונג איז געווען, אַז מיר זאָלן זיך אַלע קאָנסאָלידירן אַרום אַ געזעלשאַפט, וואָס זאָל זיך אָנשטריינגען מיט אַלע כחות אריינצוברייינגען אין דער אידיש ראַדיקאַלער וועלט אַ לעבענס־שטייגער, וואָס זאָל מעגלאַך מאַכן פאַר יעדן איינציגן פון אונז און פאַר יעדן איינציג קינד אונזערס אריינצולעבן זיך בלב ונפש אין אַלע די אוראַלטסטע שטייגערס פון אונזער פאָלקס־לעבן, וועלכע האָבן געטראָגן און טראָגן נאָך אויך איצט, אין ליכט פון אַלע נייעסטע קולטור־אויפטואונגן און דערגרייכונגן, אַ וועלט פון אַלץ, וואָס איז שיין און דערהויבן און וואָס פאַרמאָגט נאָך דערצו דעם חן פון זעלטענקייט און אייגענאַרטיקייט. ניט נאָר זאָלן מיר טראָגן אין זכרון די דאָזיקע אַלע פול חן און גליק־זעליקייט לעבענס־שטייגערס, און ניט נאָר זאָלן מיר זיי איבערגעבן אויף אַ טרוקענעם אופן, מעשה קלאַס־געשיכטע, צו אונזערע קינדער, נאָר מיר, אינאיינעם מיט אונזערע קינדער, זאָלן זיי טאַקע פון דאָס ניי איבערלעבן, פון דאָס ניי דערפילן זייער טיפקייט, גרויסקייט און שיינקייט. אין דער היים, אין דער שול און אין איינגערע און ברייטערע איינזאַמלונגס־קרייזן זאָלן מיר זיי אויפ־היטן און אָפּהיטן אין זייער געלייטערקייט, און לאָזן זיי דינען אונז פאַר די יסודות, וואָס אויף זיי און דורך זיי זאָלן מיר אַנט־וויקלען אויך נייע ריין אידיש־נאַציאָנאַלע אייגענאַרטיגע לעבנס שטייגערס, וואָס אויך זיי וועלן, פון דאָס ניי געלייטערטע, איבער־געגעבן ווערן צו די קומענדיקע דורות, און אַזוי פון דור צו דור לעולם ועד.

אָנגעשטויסן האָט זיך אָבער לעת עתה מיין בקשה אויף הערצער, דורכגענומענע מיט אַ פּראַקטיקער קאַלטקייט צום גייסט פון די צייטן פון אַמאָל, און אויף מוחות, וואָס זיי פעלט געדע־בעניש און פאַרשטענדעניש פון דעם, וואָס איז צום אויסדרוק געקומען אויפ׳ן באַרג סיני און דורך די נביאים. אַזוי און ניט אַנדערש איז עס געווען צום דערוואַרטן. זאָלן מיר איצט האָבן דעם מוט מודה צו זיין, אַז צו אונזערע גרויסע און אמת׳ע צילן פון אידיש נאַציאָנאַליזירן דעם ראַדיקאַלן טייל פון פאָלק, זיינען מיר אויף גאָר אַ סך פאַלשע וועגן געגאַנגען, און אינגאַנצן פון אויג, האַרץ און מוח אַרויסגעלאָזט געוויסע אויסגאַנגפּונקטן. ניט גרינג דאַריבער וועט אָנקומען דאָס באַקערן זיך אַליין און אַנדערע צו דעם, פון וואָס מיר האָבן די לעצטע יאָרן אַליין זיך אָפּגעקערט, און אויך אַנדערע געלערנט זיך אָפּצוקערן.

אויף וועמען, אויב ניט אויף אונז אַליין זאָלן מיר וואַרפן די שולד פאַר דעם, וואָס אין אונזערע שולן איז נאָך צוואַנציק

יאָר פון זייער עקזיסטענץ, אידישע געשיכטע, ווי א לערער דריקט זיך אויס, ניט מער ווי א יתום, און וואו אידישן אינהאלט, אידישן לעבנסשטייגער איז ניט מיט קיין לאמטערן צו געפינען? אויף וועמען ווארפן די שולד, וועמען שטראפן, שמייסן, אויב ניט די אַלע פון אונז, וואס האבן פון זייערע היימען אידישקייט און אידישן לעבענסשטייגער, ווי מיט א בעזעם אויסגעראמט און די באגריפן גאָט און רעליגיאזיטעט געמאכט פאר עפעס וואס איז בבחינת לא יזכר ולא יפקד, אויף די ליפן טאר עס ניט דערמאנט ווערן און צו די אויערן חס ושלום ניט דערטראגן ווערן ? און דארף ניט זיין נאך גרעסער די שטראף פאר די יעניגע, וואס פירן דוקא א גאר געהויבענעם אידיש טראדיציאנעלן לעבענסשטייגער בא זיך אין דער היים און טראגן יא טיף רעליגיעזע געפילן און דערהויבענע גאָט באגריפן אין זייער אייגן הארץ, נאר וואס באַ־טראכטן דאס אלץ פאר א פריוואטער איינגעלעגנהייט, פאר א הייליקייט און דערהויבנקייט, צו וועלכער לאו כל ראדיקאל זכה, און וואס מוז דאריבער געהיט און געשיצט ווערן פון אן עין הרע און לשון הרע — פון בייזע צינגער און שלעכטע אויגן?

וואס פאר א באטייט און צוציהונגס קראפט קאנען האבן די נביאים פאר די וואס קאנען זיך ניט ארייגלעבן אין דעם זין פון כה אמר ה׳—אזוי האט געזאגט גאָט? — און וואס פאר א פארצוג איבער אלע אנדערע בערג קאן האבן דער בארג סיני פאר די, וואס פילן ניט די טיפקייט און גרויסקייט פון דער תורה און פון דעם גאנצן לעבן און לעבנס שטייגער, וואס האט געפירט צו מתן תורה ? יענע טראכטן דאך בכלל ניט וועגן דעם, ווי אזוי צו מאכן דאס אייביק ווערטפולע אינ׳ם אלטן לעבענס־שטייגער פאר אן אנטרייבנדיקע קראפט פון אן אינהאלטסרייכן נייעם ?

וואס וועט דאס אלץ מיינען און באדייטן פאר די קומענדיקע דורות, אויב מיר וועלן אויך אויף ווייטער דערלויבן, אז אין אונזערע היימען זאל אלץ אנגיין ווי עס איז אנגעגאנגן ביז איצט? אויב אויך אויף ווייטער וועט די וועלטלאכקייט צעפויקט ווערן אויף אלע גאסן, בעת די רעליגיאזיטעט—דער טיפסטער יסוד פון וועלט און מענטש — וועט אפילו פון די, וועלכע ווערן געהאלטן געפאנגען פון איר, באטראכט ווערן ווי עפעס אזעלכעס, וואס איז אזוי צו זאגן פאר היימישן געברויך, און אויב שוין יא אנט־פלעקט ווערן פאר אנדערע, איז פאר יחידי סגולה ? און אויב — און דאס איז דאס ערגסטע און געפערלאכסטע — אונזערע אידיש נאציאנאל ראדיקאלע שולן וועלן אנהאלטן דעם פראצעס פון אויסגעליידיגט צו ווערן פון אידישן אינהאלט ?

אין אַן אַרבעט *), אין וועלכער ער רופט צו אַ רעוויזיע פון אונזער שול־טעטיקייט, שרייבט דער לערער און שול טוער שטיינ־בוים : „די וואָס האָבן געדאַרפט איינשטעלן פעסטקייטן פאַר אַן אייגנאַרטיג אידיש לעבן, זיינען אַליין ניט געווען פעסט. די וואָס האָבן געדאַרפט איינשטעלן שפּראַך און געשיכטע, האָבן אַליין ערשט געדאַרפט גיין לערנען.

און אויף אַזעלכע שולן האָט מען אַרויפגעלייגט די גרעסטע און שווערסטע אויפגאַבן. בעת די שפּראַך איז אַרויס פון דער היים, האָט מען געוואָלט, אַז זי זאָל אין די שולן צוריק אויפלעבן. אַנשטאָט די שולן זאָלן ציען זייער יניקה פון דער סביבה, האָבן זיי גאָר געמוזט שפּילן אַ פּאַרקערטע ראָליע—שפּייזן די סביבה, זי ראַטעווען — און וואָס פאַר אַן אידישקייט האָבן די שולן געקאָנט געבן אַ סביבה, וואָס האָט זיך אויסגעליידיגט פון איך ? דאָס סאַמע בעסטע איז געווען זינגען „אויפן פּריפּעטשאָק" אָדער „האָב איך אַ פּאָר אָקסן", אָדער אַן אַנדער לידל.

וועגן דעם למוד פון געשיכטע אין אונזערע שולן שרייבט שטיינבוים : „און די געשיכטע וואָס ווערט געלערנט—זי שטייט ווי אַ יתום אין דער שול, וואָס אַלע פאַלן אַן אויף איר. פאַר די לערער איז זי צו לאַנג, שניידט מען פון איר שטיקער, פאַר די קינדער איז זי ניט אינטערעסאַנט, ווייל זי איז ניט קיין חלק פון דעם לעבן אויסער דער שול, בריקן זיי זיך מיט איר און פאַרגעסן זי שנעל. פאַר ראַציאָנאַלע און ראַדיקאַלע לערער איז זי צו אידיש, צו פרום — נעמט מען פון איר אַרויס די געדערים און שיר ניט דעם מאַרך : גאָט ווערט נאַטור, די אידישע מלכים ווערן באַנדיטן — די היסטאָרישע ימים טובים צינדן מער ניט אַן קיין באַגיי־סטערונג און עס ווערן דורך דער געשיכטע ניט געשאַפן פאַר די קינדער קיין העלדן (כאָטש העלדן זיינען געווען אַזוי פיל), וואָס זאָלן אין זיי אַריינבלאָזן אידיש פייער . . . איז דורך וועלכן כשוף אַקט ווילן מיר דורך אַזאַ פוסטער געשיכטע שאַפן המשך, טראַדיציע און אַנדערע וועגן פון אויסלעבן זיך".

שטיינבוים קומט צום זעלביגן שלוס, צו וועלכע איך בין שוין לאַנג צוריק דורך מיין קאָנטאַקט מיט שולן געקומען און דאָס איז, אַז ווי גרויס דער אויפטו פון אונזער שול באַוועגונג איז אין כמות, אַזוי קליין און נישטיק איז ער אין איכות. "די אידישע שול באַוועגונג — שרייבט ער — האָט דאָ אין לאַנד אויפגעטאָן באמת קאָלאָסאַלע זאַכן : פון גאָרנישט איז געוואָרן אַ גרויסער

---

*) אין „צוקונפט".

יש : הונדערטער אנפאנגס שולן, צענדליגע מיטל־שולן, העכערע קורסן, סעמינאר, קלובן, שריפטן און אויסגאבן, עלטערן ארגאני־זאציעס, א מחנה פראפעסיאנעלע אידישע לערער, אבער — קיין אידישן אינהאלט האט די באוועגונג דער שול ניט געגעבן".

ווי אזוי אלזא — פרעגט זיך — און דאס איז אין דעם מאמענט די ברענענדיגסטע פראגע—וועלן מיט אזעלכע שולן און מיט אזעלכע היימען פאר זייער סביבה די צייטן פון בארג סיני אריין אין בלוט און פלייש, הארץ און מוח פון אונז אליין און פון אונזערע קינדער? און ווי אזוי זאלן מיר טאקע קומען דערצו, אז אונזערע קינדער און קינדס קינדער, זאלן נאך, ווען גאר קליין און יונג אנהויבן טרינקן פון די גייסטיקע קוואלן און ברינעמער וואס עס האבן מיט מיה געגראבן די דערהאלטער פון אידישן פאלק און די שאפער פון גרויסע קולטור ווערטן ? ווי אזוי זאלן מיר און די קינדער און קינדס קינדער אונזערע זיך פון דאס ניי דערשלאגן צו די גרויסע גייסטיגע אוצרות און טיפע קולטור־ווערטן פון גאר אמאל, וואס קאנען אויך היינט ווערן שטארק דערמוטנ־דיקע כחות אין דעם איבערבוי פון וועלט און מענטשהייט אויף נייע סאציאלע יסודות ?

אין זיין איבערבליק ווענן משה קולבאקס נייער פאעמע, שרייבט ניגער *) : „משה קולבאק איז געקומען צו אונז באלאדן מיט גייסטיגער ירושה, אנגעזעטיגט מיט טראדיציע, און זי האט אים ניט פארלאזן, זי האט אים געהאלפן, פון אינווייניק געהאלפן, אויך ווען ער האט געגן איר רעוואלטירט . . . זי איז אים, ווי אונז אלעמען א מוטער, וועלכע הערט ניט אויף צו ליבן איר קינד... דאס קינד גייט אוועק, דאס קינד דערווייטערט זיך, ווערט פאר־פרעמדט, פארפירט, די מוטער, איר הארץ און איר אויג באגלייט אים. אזוי באגלייט די ליטעראַרישע ירושה קולבאקן אויף אלע זיינע וועגן, אויך אויף די וועגן פון אויפשטאנד. זיין משיח בן אפרים, זיינע למד־וואוניקעס פארלייקענען דאס אמאליקע, דאך טראגן זיי אויף זיך היסטארישע לעגענדארישע קליידער און וואָרצלען אין דער פארגאנגענהייט".

זי, די גייסטיגע ירושה אנגעזעטיגט מיט טראדיציע, איז אים ווי אונז אלעמען א מוטער, וועלכע הערט ניט אויף צו ליבן איר קינד. איר הארץ, איר אויג באגלייט אים שטענדיג... יא, אודאי, ווער וועט עס דען לייקענען ? ווער קאן עס לייקענען ? ווער־זשע אבער, ווער, וועט ליבן, ווער וועט באגלייטן די קינדער פון אונז ראדיקאלן, בא וועמען די מוטער ווערט באלד ווי זיי ווערן נאר

*) אין „טאג".

געבוירן אויף שטענדיג אוועקגענומען ? ליִיענענדיק לייוויקס „גאולה קאמעדיע”, איז מיר באפאלן א שרעקלאכער געדאנק, אז זיי, די קינדער אונזערע קאנען חלילה נאך ווערן ווי זיין „נביא פון היינט”—ארמילוס, וועלכער איז גאר פון א שטיין געבוירן געווארן.

דערציילט ארמילוס :

הינטער שטאט איז דא א געסל,
אין מיטן פונ׳ם געסל שטייט א שטיין,
א הויכער מירמלשטיין, ווי א פרוי געשניצט,
די מאמע מיינע.
אך, גוט איז מיר, וואס גאט,
צי ווער ניט איז אן אנדערער, זאל זיין דער טייוול—
געבראכט צו שלאפן האט פון ערגעץ אט דעם שטיין,
אים אויסגעפורמט אין געשטאלט פון א נקבה,
אוועקגעשטעלט אים אקוראט אין הינטערגעסל,
צ׳ וועקן און צו אויפוועקן די תאוה
פון אלע זין—די יוגנט פון דעם הינטערגעסל —
— — — — — — — — — — — — — —
און די תאוה ברענט אין זיי ווי די רויטע אונטער־זון...
ווי גוט איז מיר צו וויסן,
אז איינמאל אין אן אווענט האבן אלע זין
ארומגערינגלט נאקעט דעם מירמלשטיין—מיין מאמע—
געבוקט זיך און געטאנצט אין קארעהאדן,
און נאכדעם צוגעפאלן צו איר לייב און זי באשלאפן.
ווי גוט איז מיר צו וויסן,
אז נאכדעם איז דער מירמלשטיין געווארן שוואנגער
און אויסגעטראגן און געבארן . . . . .
ארמילוסן.

ארמילוסעס מוזן ווערן די, וואס האבן ניט קיינע ווארצלען אין דער פארגאנגענהייט. זיי מוזן אויף שטענדיק בלייבן נביאים פון דעם היינט בלויז. מחמת ניט ארייגלעבנדיק זיך און ניט איבערלעבענדיק די פארגאנגנהייט, קאן מען ניט טרוימען און מען קאן ניט געשטאלטן די צוקונפט.

וואס מיינען און וואס קאנען מיינען די צייטן פון בארג סיני און דער באחרית הימים פון די נביאים צו די פון שטיין געבוירענע און פון קיין ליבשאפט און טריישאפט באגלייטע ארמילוסעס ?

אט דא ניט לאנג צוריק האט דער גרויסער אידישער סקולפ־טאר ענריקא גליצנשטיין אויסגעהאקט א מעכטיגן רוף פאר א

צוריקקער צו די צייטן פון בארג סיני אין דער, פון האַלץ געפורמ־
טער און געשאַפענער, מאַיעסטעטישער געשטאַלט פון משה רבנו.

אויגן האָט ער אים געגעבן, וואָס, דורך זייערע ניט אינגאַנצן פאַנאַנדערגענומענע דעקלאַד, זעען זיי אויס דורכצודרינגען אומ־ענדלאַכע איבער צייט און רוים און וויטקייטן. אריינגעזעצט זיינען די דאַזיקע אויגן אין אַ פנים, וואָס יעדער שטריך אַנטפּלעקט ווילן, אַנטשלאָסנקייט און זיכערקייט, האָט אין האַנט מיט אַ מאָדנער רוה, איינפאַכקייט און שטילקייט, און ווען מיר זעען אים דריקנדיק צו זיין רעכטער זייט די לוחות און צו דער לינקער זייט דעם שטעקן, וואָס ביידע זיינען זיי אויף אַן אוממיטלבארן אופן געקומען צו אים פון גאָט, ווערן אונז קלאָר אַלע זיינע שטאַרק־מעכטיקע און טיף־ווייכע שטריכן און אויסדרוקן. מיר דערפילן ווי אומדער־שעפּלאַך און אומבאַגרעניצט עס איז די קראַפט פון צו פילן אַלע מאָל דעם „ה׳ לי ולא אירא" גאָט איז מיט מיר, האָב איך קיין מורא ניט — און פון צו זען אַלץ „סוב ספּעציע עטערנאַטאַטיס — אין ליכט פון אייביקייט.

פון דעם דאַזיקן, פון האָלץ געשניצטן משה רבנו, קומט דער רוף צום אידישן פאָלק: בלייב שטיין, ריר זיך אַן מיט דיינע שפּיץ־פינגער אין די לוחות און אין דעם שטעקן, ווער דורכגע־נומען מיט דעם הייליקן ציטער פון דער דאַזיקער אומפאַרגלייכ־באַרער דערפּלעקונג און דערפיל די מאַכט פון דעם אומצערשטער־באַרן אַלץ איבערוועלטיקנדיקן גייסט, און דו וועסט פון קיינע שונאים אין דער וועלט ניט באַזיגט און ניט צערשטערט ווערן. און צו אַלע פעלקער פון דער וועלט איז דער רוף : פאַרטראַכט זיך! אפשר ליגט גאָר דער גרויסער סוד פון דעם ביז איצטיקן קיום פון אידישן פאָלק אין שטעקן און לוחות, וועלכע זאָגן עדות אויף דעם ענדלאָכן זיג פון גייסט איבער מאַטעריע !

איז אָבער אונזער אַטעאיסטיש־מאַטעריאַליסטיש דערצויגע־נער דור — דער דור פון
הפקר, הפקר
און הפקרות —
פליקט די בערד
פון אַלע דורות

(לייוויקס „גאולה קאָמעדיע")

מ ס ו ג ל און ב כ ח דעם דאַזיקן רוף צו באַ נ ע מ ע ן און אים אין לעבן פאַרווירקלאָכן ? די נביאים זיינען דעם דאַזיקן דור אונזערן אָדער אינגאַנצן ניט געגעבן געוואָרן, אָדער אויב יאָ—זיינען זיי פאַר אים שוין לאַנג אויסגעשיילט פון דעם כה

אמר ה׳ — פון דעם גאָט וואָס האָט אין זיי און דורך זיי גערעדט. פרעמד איז געוואָרן צו אונזער דור די תורה, און אינאיינעם מיט איר — דער זין און דער באַטייט פון׳ם באַרג סיני.

איז וואָס פאַר אַ אָפּרוף קאָן מען דערוואַרטן, און אויף וואָס פאַר אַ קומען צו זיך און צום פאָלק קאָנען מיר האָפן פון קינדער, וואָס ווערן דערצויגן אין שולן אידישע — אָבער אָן אַ אידישן אינהאַלט ?

אַן אָפּרוף אָבער דאַרף, מוז און וועט קומען ! מיר זיינען ביז איצט ניט אונטערגעגאַנגען, און מיר ווילן אויך ווייטער ניט אונטערגיין ! אויב ניט דורך די דאָזיקע, איז דורך אַנדערע שולן, אויב ניט אויף די ביז איצטיקע וועגן, איז אויף אַנדערע וועגן דאַרפן, מוזן און ווילן די קינדער קומען צו זיך, צום פאָלק, צו דער מענטשהייט און צו דער אייביקייט. לאָמיר נאָר דערפילן אונזער אויפגאַבע פון צו רופן צו איבערבייט און איבעראַנדער־שונג אין קלאָרע ווערטער, און לאָמיר אַלע אינאיינעם און יעדערער באַזונדער מאַכן פאַרזוכן צו ענטפערן אויף דער פראַגע פון אַלע פראַגעס : ווי אַזוי און דורך וועמען זאָלן די אַלע רופן—אין וואָרט און אין פאַרב, אין האַלץ און אין שטיין—רעאַליזירט ווערן אין טואונג און האַנדלונג ?

.3

שוין מיט יאָרן צוריק האָט ב. ריווקין געשריבן ווערטער, וועלכע האָבן געקלונגען ווי אַ רוף צוריק צו די צייטן פון פעסטע, טיף אין רעליגיעזיטעט און עטיק פאַרוואָרצלטע יסודות. „אַ באַרג סיני האָט ער געפאָדערט — זאָל אויפגעשטעלט ווערן אין צענטער פון דער וועלט און אַ מתן תורה ספּעקטאַקל זאָל געשפּילט ווערן, און סיי די מיטשפּילער, סיי די צושויער זאָלן איבערגעשפּילט ווערן אין זייער גרונד וועזן ביז ניט צום דערקענען" *).

די אַלע יאָרן אָבער, וואָס ער האָט וועגן דעם ענין אויף אַזא אָדער אַנדער אופן געשריבן, האָט ער ניט קלאָר געמאַכט צו אונז: ווער עס זאָלן זיין די, וואָס ווילן אויפשטעלן דעם נייעם באַרג סיני? ווי דאַרף געפּילט און פאַרשטאַנען ווערן די שייכות צווישן דער נייער תורה און דער אַלטער אידישער תורה ? אין נאָמען פון וועמען און פון וואָס און צוליב וועמען און וואָס דאַרפן די מיט־שפּילער און צושויער איבערגעשפּילט ווערן ביז זייער גרונט וועזן ? און לחלוטין ניט אָנגערירט האָט ער די פראַגע : ווי אַזוי, אויף וועלכע וועגן און מיט וועמען זאָלן מיר אָנפירן די

*) „אידישע וועלט" פילאַדעלפיע.

צוגרייטונגס ארבעט פאר דעם דאזיקן ספעקטאקל ? מער דאריבער ווי בא אלע אנדערע, וואס רופן צוריק צו די אלטע צייטן, איז בא ריוווקינען, וועלכער רייסט זיך אליין און וויל אנדערע מיטרייסן צו רעליגיאזיטעט, צו דער משיח־געשטאלט און צו א פילן און באנעמען גאט און געטלאכקייט — געבליבן אומפארענטפערט די פראגע : ווי אזוי זאלן אונזערע שיינע ווערטער און גוטע כונה'ס פארוואנדלט ווערן אין רעאלע און ממשות'דיקע טואונגען און האנדלונגען ?

פון די ברידער שטיינבערגס ווערטער איז איין זאך קלאר, און דאס איז, אז ווען מיר אידן רעדן איצט וועגן אן איבערשפיל אין גרונד וועזן פון א נייעם מתן תורה ספעקטאקל, זאלן מיר אנהויבן קודם כל מיט אונז אליין. ריוווקינ'ס פולשטענדיקע איבער־פורמונג פון דער מענטש געשטאלט זאל זיך פריער פון אלץ באציען אויף דער איד־מענטש געשטאלט, וואס זאל און וועט — ווי שטיינ־בערג דריקט זיך אויס — צ י נ ד ן די וועלט.

אין מיטן פון דער היינטיקער וועלט האט דאס אידישע פאלק געבויט אויף זיינע אלטע רעליגיעז־מאראלישע יסודות. אויך איצט דראהעט א קאטאסטראפע דער גאנצער וועלט.

ווי־זשע זאלן מיר איצט רעאגירן אויף דער דראהונג פון קאטאסטראפע ? וואס דארפן מיר און וואס זאלן מיר טאן ? דער ענטפער איז א קלארער : מיר דארפן און מיר זאלן איצט טאן, וואס אונזערע אבות האבן אמאל געטאן. א ו נ ז ע ר ע א ב ו ת האבן אין די קאטאסטראפאלסטע צייט פון דאסניי געבויט אויף די אויסגעפרואווטע, אומצעשטערבארע אלטע רעליגיעז־קולטורישע יסודות, זאלן מ י ר דאס זעלביקע טאן אויך איצט !

ווער־זשע אבער זאל אונטערן „מיר" דא פארשטאנען ווערן? מיט וועמען זאלן מיר, ר א ד י ק א ל ז, אנהויבן די ארבעט פון בויען און איבערבויען ? אמת טאקע, ווי שטיינבערג זאגט, אז פאלק הייסט ניט דוקא ארבעטער, „וואס זיינען פארהארטעוועט אין פארמען פון אפיציעלן רעבעלענטום". עס איז אבער אויך אמת, אז צו די ,מיליאנען אומבאקאנטע טרעגער פון אידישן שיקזאל און אידישער צוקונפט, וואס האבן ביז איצט אויסגע־האלטן די שטורעמס פון דער געשיכטע" און וואס געהערן נישט צום פראלעטאריאט — צו זיי האבן מיר ניט קיין דירעקטן צוטריט. פרעמד זיינען מיר צו זיי און זיי צו אונז, ניט געקוקט אויף דער געוויסער תמצית'דיקייט, וועלכע שלאגט טיפע ווארצלען אין דער אוראלטסטער פארגאנגענהייט און בינדט אונז אלעמען צענויף מיט אומאיבערגעריסענע פעדעם, ווי זין און טעכטער פון

איין פאָלק. מיר, ראַדיקאַלן, זיינען אַזוי ווייט פון אונזערע ניט־ראַדיקאַלן, ווי מזרח איז פון מערב. אַ סך פון זייערע וועגן זיינען ניט אונזערע וועגן, אַ סך פון זייערע טראַכטונגען זיינען ניט אונזערע טראַכטונגען, און אַזוי אויך פאַרקערט. זיי קאָנען און ווילן ניט וויסן פון אונזערע וועגן און זייערע מחשבותן און מעשים ווערן פון אונז אַזוי ווייניג באַנומען, ווי אונזערע פון זיי.

אַרבעטן און בויען, טאָן און אויפטאָן עפּעס וויכטיגעס און ממשות׳דיגעס יעדן טאָג אין וואָך, קאָן מען אָבער נאָר צווישן די, וואָס צו זיי איז מען נאָהנט אידייאיש און קולטוריש. און ווי אַזעלכע זיינען צו אונז נאָר די, וואָס מיט זיי שטויסן מיר זיך צונויף אין אונזערע סאָציאַלע טואונגען, שאַפונגען און אידעאַלן. און ווי די תמצית׳דיקייט, וואָס שלאָגט אירע וואָרצלען אינ׳ם בליק אויף צוריק, אינ׳ם לעבן און איבערלעבן פון דעם ווייטן און ווייטסטן אַמאָל, האַלט אונז אינאיינעם אין בלוט און אין גייסט, ווי קינדער פון איין פאָלק — אַזוי צעמענטירט אונז קולטוריש און אידעאָלאָגיש אין מיטגלידער פון אַזאַ אָדער אַנאַנדער באַשטימטער גרופּירונג פון איינעם און דעם זעלביקן פאָלק דאָס לעבן פון היינט און דאָס אַריינלעבן זיך אינ׳ם מאָרגן. דאָס פילן דעם הוה און דאָס זעען דעם עתיד אין אַ געוויס ליכט שפּילט אין דער צעמענטירונג פון קלאָס אָדער גרופּע די שטאַרקסטע ראָל. אַרויפגעצויגענע ווי קאַרעלן אויף אַ באַשטימטן פאָדעם פון גייסט, קולטור און אידעע, ווערן מיר אַ פעסט און אינטים געשלאָסענער טייל פון פאָלק. און ווי אַזעלכער, מוזן מיר גיין צום ציל פון דערהאַלטונג און אַנטוויקלונג פון פאָלק אויף אייגענע וועגן, פירנדיק ביז אַ געוויסן גראַד אַפילו אַן אייגענעם שטייגער לעבן, אָנווענדנדיק אייגענע אויסגעאַרבעטע, אויסגעפּרואווטע און ניט אויסגעפּרואווטע מיטלען.

יעדעס פאָלק אין דער וועלט איז היינט צו טאָג איינגעטיילט אין צוויי טיילן, אין צוויי שאַרף זיך דיפערענצירנדיקע גרופּן. קלאָר און פעסט איז דער אונטערשייד פון די געפילן און אַנשוויאונגען פון די דאָזיקע גרופּן אויף די שייכותן צווישן מענטש און מענטש אין דער געזעלשאַפט, און, ממילא שוין אויך אויף די שייכותן פון מענטש צו דער וועלט אַרום אים און צו גאָט אין און איבער אים. די אָרגאַנישע געבונדנקייט צווישן די טיילן פון פאָלק צוליב זייער נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקייט קאָן ניט און זאָל ניט אָפּמעקן און אָפּווישן די דעמאַרקירנדיקע ליניע פון זייער סאָציאַלער און קאָסמישער אַנדערשקייט.

צו איין גרופּע געהערן די, וועלכע שטעלן זיך איין, אָדער

סימפאטיזירן, אדער וואס באטראכטן נאר פאר אומפארמיידלאך און אוממעגלאך איבערצוואנדערשן דעם סאציאלן איינשטעל, וואס זאגט צו די מענטשן: און דער רייכער און ארימער, דער באזיצער פון אייגנטום, דער וואס ארבעט אליין און דער, פאר וועמען עס ארבעטן אנדערע — זיי זאלן און וועלן שטענדיג זיין צווישן אייך.

די צווייטע גרופע שליסט איין אלע די, וועלכע קאנען פאר קיין פאל ניט פארטראגן דעם סאציאלן איינשטעל ווי ער איז געווען ביז איצט און ווי ער איז איצט. זיי אלע פאראייניגט דער באשטרעב און דער ווילן אפצושאפן אויף אזא אדער אנאנדער אופן די געשפאלטנקייט פון דער געזעלשאפט אין ארימע און רייכע, באזיצער און ניט-באזיצער פון געזעלשאפטלאכן גוטס און גיטער, און ארבעטער און געניסער פון יענעמס ארבעט. אזא באשטרעב אויף דעם סאציאל-עקאנאמישן געביט האט אויף א גאנץ נאטירלאכן אופן גורם געווען א גרינדלאכע אנדערשקייט אין געפילן און שטעלונגן צו און אויף אלץ, וואס ווערט ארייננענומען אין די באגריפן פון און צווישן וועלט, מענטש, גאט.

מיט איר, אלזא, מיט אט דער דאזיקער צווייטער גרופע, מיט דעם ראדיקאלן טייל, הייסט עס פון אונזער פאלק, קאנען און מוזן מיר אויף אן אוממיטלבארן אופן אנהויבן אונזער ארבעט פון איבערבוי און איבערשאפונג אויף אונזערע אלטע רעליגיעז-מאראלישע יסודות.

די קולטור, וואס דאס אידישע פאלק האט געשאפן, מיינט צו אונז, ראדיקאלן, ניט דאס זעלביקע, וואס זי מיינט צום נישט-ראדיקאלן טייל פון אידישן פאלק. פאר אונז, למשל, זיינען פון דער גרעסטער וויכטיקייט די נביאים מיט זייער פאדערונג פאר גערעכטיקייט און ניט די כהנים מיט זייער הנאה האבן פון בראנד אפפער, שפייז אפפער און פרידאפפער. ניט דאס זעלביקע, וואס צו אונז קאן מיינען צו זיי דאס דערציילן פון נביא עמוס: „ניט קיין נביא בין איך, און ניט קיין זון פון קיין נביא בין איך, נייערט א פאסטוך פון רינדער בין איך, און א צוריכטער פון ווילדע פייגן, און גאט האט מיך גענומען פון הינטער די שאף און גאט האט צו מיר געזאגט: גיי זאג נביאות צום פאלק ישראל".

און פון גאנץ אנדער באטייט און זין צו אונז איידער צו זיי זיינען גאט'ס ווערטער דורך דעם נביא עמוס צום הויז פון ישראל: זוכט מיך, און לעבט:

— — — — — — — — — — — — — —

איך וויים אייערע פארברעכן זיינען פיל,
און שטארק אייערע זינד

איר, וואָס דריקט דעם גערעכטן און נעמט שוחד
און קריוודעט די אביונים אין טויער.

— — — — — — — — — — — — — —

זוכט גוטס און ניט שלעכטס,
כדי איר זאָלט לעבן,
און יהוה, דער גאָט פון צבאות, וועט זיין מיט אייך,
אזוי ווי איר פאַרלאַנגט.
האָט פיינט שלעכטס און האָט ליב גוטס,
און שטעלט אויף אין טויער גערעכטיקייט.
אפשר וועט יהוה, דער גאָט פון צבאות,
לייטזעליגן דעם איבערבלייב פון יוסף.

און ווי מיט די נביאים, אזוי מיט דער תורה און מיט די כתובים, אזוי מיט דעם תלמוד און מיט דעם זוהר און אזוי מיט דער אידישער פילאָסאָפיע און פאָעזיע פון מיטלאַלטער — קורץ, אזוי מיט אַלע אידישע רעליגיעז־פילאָסאָפישע און פאָעטישע שאַפונגען פון דער צייט, ווען עס איז געוואָרן אַ אידיש פאָלק, ביז אויף היינטיקן טאָג. פאַר דעם ראַדיקאַלן טייל פון אידישן פאָלק קאָנען זיי ניט באַדייטן דאָס זעלביקע, וואָס פאַר דעם ניט־ראַדיקאַלן. אַלץ וואָס איז צום קאָנסערווירן, מוז אין דער זעלביקער צייט ווערן דינאַמיש קרעפטיק און פריש מיט לעבן. אַלץ מוז פון צייט צו צייט אין אַ ניי ליכט געשטעלט ווערן; אפילו דער ראַדיקאַליזם גופא, ווען ער ווערט קאָנסערוואַטיוו.

אַ סך פון אונזערע, אויב מען קאָן זיי אזוי אָנרופן, ראַדיקאַלע געפילן און באַגריפן מוזן מיר איצט מיט די וואָרצלען אויסרייסן און גאַנץ נייע אין אונז איינפלאַנצן. מיר מוזן אין גאָר אַ סך הינזיכטן איבעראַנדערשן די שטעלונג פון אונז ראַדיקאַלן צו די אַלע אַלטע און עלטסטע גלויבונגען פון אונזערע אבות און צו די אַלע מנהגים און שאַפונגן, וואָס אין זיי זיינען די גלויבונגען און איבערצייגונגען אויסגעדריקט און אַנטפּלעקט געוואָרן.

מיר מוזן רייניקן איצט דעם ראַדיקאַליזם פון זיין גאָר ניט נעבענדיקער און גאָר ניט זאָגנדיקער ראַדיקאַלאַכץ. מיר ווילן אָבער ניט און מיר דאַרפן בשום אופן אים ניט רייניקן און אים חלילה ניט אויסליידיקן פון דעם אידעאַל פון אַ סאָציאַלן איינפיר, אונטער וועלכן אַלע מיטגלידער וועלן אויף אַ גלייכן אופן אַרבעטן און אויף אַ ניט ווייניקער גלייכן אופן געניסן פון די פּראָדוקטן פון דער אַרבעט. און דאָס איז דער אידעאַל, וואָס דער גרעסטער טייל דוקא פון די, וואָס זיינען ניט אוועק פון אַלטע גלויבונגען, מנהגים און שאַפונגען ווילן פון אים אזוי ווייניק וויסן, ווי די

ראדיקאלן האבן ביז איצט געוואלט וויסן פון די אלטע און אייביק נייע יסודות׳דיקע גלויבונגען, אויפפירונגען און שאפונגען.

דער סאציאלער אידעאל אבער פון דעם ראדיקאליזם פון עקאנאמישער גלייכהייט און גייסטיקער פרייהייט פאר אלע מיט־גלידער פון א געזעלשאפט דארף עטיש פארטיפט און רעליגיעז דערהויבן ווערן. און אין אזא פארטיפונג און דערהויבונג נויטיקן זיך אויך אלע טרעגער פונ׳ם אידעאל. די מעגלאכקייטן פאר דער פארווירקלאכונג פון דעם דאזיקן אידעאל וועלן פון קיינע איבער־קערענישן און פון קיינערליי רעוואלוציעס ניט געשאפן ווערן, אויב די אלע, וועלכע שטעלן זיך איין פאר אים און קינדיגן אן דעם אנקום פון זיין רעאליזירונג, וועלן ניט רעליגיעז־עטיש אים באפעסטיקן און זיך אליין ניט טיפער פארווארצלען אין דעם רעליגיעז־עטישן באדען.

און דאס אלץ קאן און וועט ווערן נאר דעמאלט, ווען מיר, ראדיקאלן, וועלן זיך נעמען, יעדערער פאר זיך און אלע אינאיינעם, וועבן די פעדעם, וואס זאלן אונז פון דאסניי פארבינדן מיט דעם, וואס האט ניט נאר דערהאלטן אונזער פאלק, נאר וואס האט עס אויך קולטוריש דערהויבן און דערהויכט צווישן אלע פעלקער פון דער וועלט. ווען די רעליגיאזיטעט וועט אריבערגענומען ווערן אין א באנייטער און געלייטערטער געשטאלט און פארם און וועט געגעבן ווערן מעגלאכקייטן פאר אומאויפהערלאכער באנייאונג און לייטערונג, וועט זי אריינגעבן נייע נשמות, נייעם לעבן און אויפ־לעבונג אין די טרעגער פון דעם ראדיקאלן אידעאל. דורך דעם וועט געשאפן ווערן דער באדן פאר די גרעסטע מעגלאכקייטן דעם דאזיקן רעליגיעז ־ עטיש באפליגלטן אידעאל צו פארווירקלאכן. דאס וועט מיינען צו עפענען באמת א ניי בלאט אין דער געשיכטע פון אידישן פאלק און פון אלע אנדערע פעלקער אין דער וועלט.

דער רוף און געשריי צו דער וועלט : מיר האבן פאר אייערע גזרות קיין מורא ניט ! מיר וועלן זיך צוריקקערן אויף יארטוויזנ־טער — צו די צייטן פון א בארג סיני, פון די נביאים ! דעם דאזיקן רוף און געשריי צו דער וועלט, וואס האט זיך געשטעלט קעגן אונז און אנטקעגן אלץ, וואס איז שיין און דערהויבן, לאזן מיר ארויס ווי קינדער פון פאלק ישראל, און אין נאמען פון גאנצן פאלק, וואס איז געשטאנען באם בארג סיני און וואס פון אים זיינען די נביאים ארויסגעקומען.

פון דאס ניי אבער לערנען מיט זיך אליין און מיט די קינדער די תורה, וועלכע איז אויפן בארג סיני אונטער הילכיק־קנאלנדיקע דונערן און שארף־שניידנדיקע בליצן צו אונזער פאלק געגעבן

געוואָרן; פון דאָס ניי איינזאַפּן און דורכגענומען ווערן מיט די שטראַף רייד פון די נביאים. טיפער טראַכטן און אינטענסיווער אַרבעטן אויף דעם, אַז משה'ס תורה און די רייד פון די נביאים זאָלן ווערן אין אונזערע און אונזערע קינדערס מוחות, הערצער און הענט אַ מעכטיקע קראַפט פאַר אַ ניי לעבן, פאַר אַ נייעם איינשטעל פון שייכותן צווישן די, וואָס טראָגן אויף זיך דעם צלם אלוקים און אין וועמענס געשטאַלט זיי זיינען באַשאַפן געוואָרן — דאָס אַלץ קאָנען מיר, ראַדיקאַלן, טאָן און דאַרפן עס טאָן נאָר מ י ט א ו ן צ ו ו י ש ן ר א ד י ק א ל ן. דאָס אַלץ זאָל געטאָן ווערן אין די ראַדיקאַלע היימען, אין די ראַדיקאַלע קינדער־שולן און אין אַלערליי ספּעציעל פאַר דעם צוועק איינבאַרופענע און איינגעשטעלטע ראַדיקאַלע איינזאַמלונגען.

און נאַטירלאַך, כל דכפין ייתי ויכל — ווער נאָר עס שרעקט זיך ניט פאַר אַ געלייטערטן און פון ראַדיקאַלאַכע געריייניגטן ראַדיקאַליזם איז געלאַדן צושטיין צו אונז. מיר אינאיינעם מיט זיי און זיי אינאיינעם מיט אונז זאָלן הערן די אַלטע און עלטסטע, די נייע און נייעסטע ווערטער פון גאָט. און מיט דעם געפיל פון זיין פאַראַנענקייט איבער און אין אונז, זאָלן מיר אַרבעטן פאַר דעם, אַז ניט זיין זאָל מער קיין אביון אין דער געזעלשאַפט, וועמען „עמיצער זאָל וועלן איינשלינגען אָדער קויפן פאַר אַ פּאָר שיך, און ניט זיין זאָלן מער קיין אָרימע, וואָס מען זאָל וועלן פאַרטיליגן אָדער קויפן זיי פאַר געלט". עס מוז אַנטשטיין אַ נייע רעליגיעז עטישע גרופּירונג פון די קינדער פון איינעם און דעם זעלביקן פאָלק. די וואָס קאָנען ניט פאַרטראָגן דעם איצטיקן סדר פון דער געזעלשאַפט און וואָס ווילן פאַרן די נייעסטע באַגריפן וועגן שייכותן צווישן מענטש און מענטש מיט די געלייטערטע באַגריפן וועגן דעם שייכות פון גאָט צו וועלט און מענטש, מוזן זיך קאָנסטיטואירן אין ראַדיקאַל רעליגיעז־עטישע בונדן אָדער געמיינדעם אויף אויפפירן און דורכפירן אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות סיי צו גאָט, סיי צו מענטש און מענטשהייט און וואָס פאָדערט פאַר דעם צבורית אָנשטאָט יחידות.

די וואָס גלויבן אין דער נויטיקייט שטענדיג צו לייטערן, פאַרשענערן און פאַרטיפן דעם גאָט באַגריף אין ליכט און אין אנקלאַנג מיט אַלע נייעסטע פאָרשונגען און דערקענטעניש פון מענטשענס גייסט, קאָנען ניט זיך פילן ווי מיטגלידער פון איין רעליגיעזער געמיינדע מיט די וואָס ווילן ניט

און קאָנען שוין ניט מער אַריינגעבן נייע אינהאַלטן אין דעם דאָזיקן באַגריף, און — צום ווינציגסטן מיט די, וואָס געפינען ניט פאַר נויטיק אָנצופילן דעם גאָט באַגריף מיט דער עטיש־קייט פון דעם נייעסטן און העכסטן אידעאַל פון סאָציאַל־עקאָנאָמישער און סאָציאַל גייסטיקער גלייכווערטיקייט פון מענטש.

און ווי מיט דעם גאָט באַגריף, אַזוי אויך מיט די טראַדיציעס — מיט די אויף אייביק אין זכרון זיך איינקריצנדיקע אויסדרוקן פון די לעבענס־שטייגערס פון פאָלק, וועלכע זיינען אויפגעקומען אין פאַרשיידענע ציייטן און האָבן איין מאָל אויף אַלע מאָל אַ הויב געטאָן זיין נשמה און גייסט. אויך זיי דאַרפן אומאויפ־הערלאַך געלייטערט און פאַרשענערט ווערן און אויך אין זיי דאַרפן אַריינגעוועבט ווערן די נייעסטע און העכסטע סאָציאַל־עטישע געפילן און אויך זיי קאָנען ווערן אַ מעכטיקע קראַפט אין דער אַנטוויקלונג און אין דער פאַרווירקלאַכונג פון די שטרעבונגן צו אַ נייעם מער גערעכטן סאָציאַלן איינשטעל. נאָר דאָס אין דעם אַלטן אוראַלטן, וואָס קאָן אויסשטיין און אויסהאַלטן דעם שאַרפן אַריינדרינג פון דער פאַרנונפט, און וואָס קאָן נאָך דערצו אָנצינדן די געפילן און זאַפטיגן די עמאָציעס, לאָזט זיך באַנייען און פון דאָס ניי אָנגעפילט ווערן מיט כונה און ווערן אַזוי אַרום אַ הויב שטאַנג פאַר דעם בוי און אויפבוי פון אַ נייעם און העכערן לעבנסשטייגער און לעבנס אינהאַלט.

ווען מיר רעדן, אַלזאָ, איצט וועגן אַלטע רעליגיעז־מאָראַלישע אָדער רעליגיעז־קולטורישע יסודות, דאַרף אונטער דעם געמיינט און פאַרשטאַנען ווערן אַלץ דאָס אין דעם אַלטן און אוראַלטסטן, וואָס האָט אַן אייביקן ווערט און וואָס קאָן דעריבער אויך איצט ווערן אַ קוואַל פון גייסטיקער דערפרישונג. דאָס נייעסטע דאַרף אָרגאַניש אַזוי אָנגעקניפּט ווערן אָן דעם אַלטן, אַז דאָס נייע זאָל דורך דעם אַלטן פאַרטיפט ווערן און דאָס אַלטע זאָל דורך דעם נייעם דערפרישט ווערן. און אַזוי אַרום, ווערט אין אונז שטאַרקער און מעכטיקער די קראַפט, וואָס קלאַפּט אָן די טויערן פון דער צוקונפט, וועלכע זאָל געבן מער אינהאַלט און אָנהאַלט דער געגענוואַרט.

און דער דאָזיקער קער, וואָס מיר מוזן מאַכן אויף צוריק, כדי מיט מער אימפּעט און שטורעם זיך אַ לאָז טאָן פאַראויס, מוז זיין אַ שווערער און אַ לאַנגער, ווייל בערג מיט שטיינער דאַרפן פאַנאַנדערגעוואָרפן און אָפּגעראַמט ווערן סיי אין דעם קאָנסער־

וואַטיזם, סיי אין דעם ראַדיקאַליזם, כדי זיך דערשלאָגן ווי פּרץ האָט עס אָנגערופן, צום בריליאַנט.

אין פּרץ'ס מעשה'לע „דער בריליאַנט" דערציילט דער אַלטער ר' שלמה צו אַ גרופּע יונגע לייט: „אין יעדן דור האָט איינער געוואוסט פון בריליאַנט און די רעשט האָבן געגלויבט, אַז קיזל־שטיינער זיינען מזל'דיק.

...און האָבן שטיינער געליינגט... דער באַרג שטיינער וואַקסט פון טאָג צו טאָג... מיט דער צייט האָבן די הייליקע שטיינער טיר און פענסטער פאַרוואַרפן... דעם בריליאַנט האָט מען פאַרגעסן און אַלט און יונג שלאָגן זיך איבער שטיינער!

„און — זאָגט פּרץ — מיר פרעגן זיך:
ווער איז דער בריליאַנט?
דאָס פּינטעלע איד?
און מיר ווילן טרעפן:
„אנכי"?
ואהבת לרעך כמוך?

נאָר ר' שלמה ענטפערט ניט, אַ געהיימער שמייכל בלאַנדזשעט אים אויפ'ן פּנים.

אויף דער פראַגע: ווער איז דער בריליאַנט, וואָס מוז פון דור צו דור מעולם ועד עולם קאָנסערווירט און געשליפן ווערן? — האָט פּרץ געענטפערט אין זיין ווערק „די גאָלדענע קייט". דער בריליאַנט איז דער טיפער געפיל, וואָס פאַרכאַפּט דעם גאַנצן וועזן פון מענטש און טרייבט אים צום אויסגעשריי:

עס קאָן ניט זיין קיין הפקר וועלט —
איז דאָ אַ וועלט, מוז זיין ווער,
וואָס פירט די וועלט.
מוז זיין אַן אויג, וואָס קוקט אויף אונז!
אין אונז, אין אונז שלאָגט אַ האַרץ,
די וועלט מוז האָבן אויך אַ האַרץ!
אַ באַרמהאַרציק האַרץ!

אָט דער דאָזיקער געפיל, דאָס טיפסטע קערנדל פון רעליגיע, די רעליגיאָזיטעט, וואָלט איך געזאָגט, פון רעליגיע, איז פון אייביקן ווערט און פון דעם העכסטן ווערט. ער איז דער אויסגאַנגס פּונקט און ענדציל פון אַלע לעבנס און לעבנסשטייגערס פון יעדער קייט און קייטן, וואָס יעדעס פאָלק דאַרף און זאָל ציען אויף אַן אייגנאַרטיקן אים אַליין אָנגעהעריגן אופן; און וואָס אייגענאַרטיגער — אַלץ וואוילער פאַר דעם קיום פון פאָלק און פון דער גאַנצער מענטשהייט.

## 4.

א היפּשער באַרג מיט שטיינער—שטיינער פון ראַדיקאַלעכע — איז אויסגעוואַקסן פאַר די לעצטע יאָרן אויף דעם בריליאַנט ראַדיקאַליזם. דער דאָזיקער באַרג האָט אוממעגלאַך געמאַכט פאַר די ראַדיקאַלן צו טראַכטן וועגן דעם מיט שטיינער באַדעקטן בריליאַנט, וואָס איז אין באַזיץ פון דעם קאָנסערוואַטיוון טייל פונ׳ם אידישן פאָלק.

אָן אָנהויב פאַר דער פאַנאַנדערוואַרפונג און אָפּראַמונג פון די שטיינער אינ׳ם ראַדיקאַלן לאַגער האָט געמאַכט חיים זשיטלאָווסקי. נאָך אין 1911 איז ער אַרויסגעקומען מיט א רוף פאַר דער נאַציאָנאַל־פּאָעטישער ווידערגעבורט פון דער אידישער רעליגיע. געשריבן האָט ער דעמאָלט: „יעדע רעליגיע האָט געשאַפן מאָמענטן, וואָס רופן אַרויס אין דער נשמה פון גלויביגן די געפילן פון הייליקייט. זי האָט הייליגע פּערזאָנען... הייליגע ערטער... הייליגע קוואַלן און בוימער... הייליגע צייטן... און אויך הייליגע האַנדלונגען... אַט די אַלע הייליגטימער ווירקן ווי א מאַגנעטישע קראַפט אויף דער נשמה פון דעם אמת רעליגיעזן מענטשן און זעצן זי אַריין אין א געפילס אַטמאָספערע, וואָס איז אוממעגלאַך אויסצודריקן אין ווערטער.

„די אויסגעלייטערטע הייליגטימער דאַרפן ווערן דער פונדאַמענט פון א פריי רעליגיעזן לעבן פון יעדן אידן, וואָס וויל זיין סאָלידאַריש מיט דעם שיקזאַל און נויטן,ליידן און האָפענונגען פון זיין פאָלק".

און געבנדיק א היתר פאַר די ראַדיקאַלן הייליג צו האַלטן די טעג, וואָס דאָס פאָלק ישראל האָט מימים קדמונים אָן באַשטימט ווי הייליגע, און רעדנדיק מיט גרויס פּאַטאָס צווישן אַנדערע יום טובים אויך וועגן דעם גרויסן ווערט און באַטייט פון יום טוב שבועות, וועלכן דאָס פאָלק האָט אין א געוויסער תקופה פון זיין אַנטוויקלונג פאַרבונדן מיט מתן תורה, האָט זשיטלאָווסקי ניט פאַרפעלט אָנצושרייבן שיינע און אינהאַלטסרייכע שורה׳ס וועגן תורת משה גופא — שורה׳ס, וועלכע קלינגען אויך נאָך איצט פרעמד צו די אויערן און זאָגן וויייניג צו די הערצער ניט נאָר פון סתם ראַדיקאַלן, נאָר אפילו צו גאָר א סך לערער פון די אידיש נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן.

„און פאַרגלייכט מען"—שרייבט זשיטלאָווסקי—„די אידישע תורה מיט דעם אַלטן באַבילאָנישן אָריגינאַל, זעט מען אויפ׳ן שטעל אײן, אַז די אַנטוויקלונג איז געגאַנגען אין דער ליניע פון גרעסערער סאָציאַלער גערעכטיקייט און הומאַניטעט. אין זיין

תורה האָט דאָס אידישע פאָלק ניט נאָר דערגרייכט די העכסטע שטופע פון דעמאָלטיקער ציוויליזאַציע. עס האָט אריבער־געוואַקסן די אַלטע ציוויליזאַציע „מיט די אָקסלען און העכער", און אויף יאָרן און יאָרן באַקומען אַ רעכט צו קוקן אויף איר פון אויבן אַראָפּ. אויף דער הויך פון „תורת משה" איז אין יענער צייט געשטאַנען נאָר דאָס אידישע פאָלק, און תורת משה איז געווען דער באַרג סיני, פון וועלכן די אידישע נביאים — האָבען געקאָנט פאַנאַנדערשפּרייטן זייערע אַדלער פליגלען און אַ הויב טאָן זיך צו די העכסטע הימלען פון דעם מענטשלאַכן אידעאַל".

שוין באַלד, אַלזאָ, אַ קימאַ־לן פון אַ גאַנצן פערטל יאָר־הונדערט זינט עס איז געקומען די פאָדערונג פון זשיטלאָווסקין צום ראַדיקאַלן לאַגער, אַז ער זאָל זיך באַפרייען פון דער ראַדי־קאַלעכץ. געפאָדערט האָט דעמאָלט זשיטלאָווסקי, אַז די שאַפער און טרעגער פון׳ם ראַדיקאַלן געדאַנק זאָלן צוטראָגן זייער חלק צו דער מעגלאַכקייט און נויטווענדיקייט פאַר דעם, אַז דער היי־ליגער גייסט פון תורת משה און פון די נביאים זאָל ווערן דער הערשנדיקער גייסט אין׳ם אידישן לעבן, און אַז די מנהגים, וועלכע די נאַציאָנאַל־פּאָעטישע ווידערגעבורט וועט אַריבערנעמען פון דעם אַלטן געביי, אַדער וועלכע וועט אַליין אַרויסברייגנגען אין לעבן, זאָלן זיין דורכגעדרונגען פון יענעם גייסט".

פרעגן מיר זיך איצט: האָט דער דאָזיקער רוף, די דאָזיקע פאָדערונג פון זשיטלאָווסקין געשלאָגן וואָרצלען אין דעם באָדן פון׳ם ראַדיקאַליזם? האָבן ראַדיקאַלן געשענקט די מינדסטע אויפמערקזאַמקייט צו דעם דאָזיקן רוף? האָבן זיי אין וועלכן עס איז פּרט אויסגעפאָלגט זיין דעקלאַראַציע: שמור וזכור — היט אָפּ און טראָג אין דיין זכרון די הייליגע טעג סיי פון פרייד סיי פון טרויער, פאַרטיף זיך אין תורת משה און אין די רייד פון די נביאים, כדי דיינע געפילן זאָלן אונגעצונדן ווערן און דיין גאַנצער וועזן אָנגעגליט ווערן מיט דעם הייליגן פייער, וואָס קאָן זיך פאַנאַנדערפלאַקערן אין דעם הייליגן נאַציאָנאַל פּאָעטישן ווידער געבורט פון דער אידישער רעליגיע?

אויף די דאָזיקע אַלע פראַגן הילכט אָפּ אין אַלע ווינקעלאַך פון דער אידיש ־ נאַציאָנאַל ראַדיקאַלער וועלט אַ קורצער און שאַרפער ענטפער: ניין: — ניט געניינט האָבן זייערע אויערן צו די ווערטער פון דעם רוף פאַר אַ נאַציאָנאַל־פּאָעטישער ווידערגעבורט פון דער אידישער רעליגיע די יעניגע ראַדיקאַלן אפילו, וועלכע האָבן יאָ אויפגענומען בלב ונפש אַ סך אַנדערע דופן פון זשיטלאָווסקין און וואָס האָבן אין אַ סך פּרטים אויס־

געפאַלגט גאַר פיל פון זיינע אַנדערע פאָדערונגן און פּראָקלאַמי־רונגען.

פאַרוואָס איז דער דאָזיקער רוף געבליבן ביז איצט אַ קול קורא במדבר ?

דער ערשטער טעם, גלויבט זיך מיר, איז דער, וואָס זשיט־לאָווסקי אַליין האָט זיך פאַר דעמדאָזיקן רוף אין פאַרלויף פון די לעצטע פאַר צענדליק יאָר ווייניקער איינגעשטעלט איידער פאַר אַלע אַנדערע רופן, וואָס זיינען זינט דעמאָלט ארויסגעקומען פון זיין פען. פאַר די אַלע יאָרן, למשל, האָט ער זיך איבערגעגעבן מיט אַן אַ שיעור מער התלהבות דעם רוף זיינעם פאַר דער פאַרוועלטלעכונג פונ׳ם אידישן נאַציאָנאַליזם און פאַר דער צושטערונג פון דעם גלויבן, אַז ישראל ואוריתא חד הו — אַז אידן און אידישקייט איז איינע און דיזעלביקע זאַך. דער רוף פאַר דער נאַציאָנאַל־פּאָעטישער ווידערגעבורט פון דער אידישער רעליגיע איז געבליבן איינגעוויקלט ניט מער ווי אַ קאָנסטאַטירונג פון דעם פאַקט, אַז אַזאַ זאַך איז מעגלאַך און ווינשנסווערט.

און אין דעם ענטפער צו דער פראַגע : פאַר וואָס אַזאַ לעבלאָכע, אַזאַ מהיכא־תיתא׳דיקע באַציהונג און שטעלונג מצד פון דעם רופער צו זיין אייגענעם רוף, ליגט דער צווייטער און דער עיקר טעם פאַר וואָס זיין אַרבעט „נאַציאָנאַל־פּאָעטישער ווידערגע־בורט פון דער אידישער רעליגיע״ האָט לחלוטין ניט באַווירקט און ניט באַאיינפלוסט אפילו זיינע אַנהייגער, שוין אָפּגערעדט פון אַלע אַנדערע ראַדיקאַלן.

זשיטלאָווסקי האָט זיך ניט איינגעשטעלט פאַר זיין רוף ניט מיט לייב און ניט מיט לעבן דערפאַר, וואָס דער גאַנצער ענין רעליגיע איז ביז איצט געווען בא אים אַ קאָפּ און ניט קיין הארץ זאַך, און דער ענין רעליגיע — אַזאַ אַדער אַנאַנדערע — פאַר דעם אידישן פאָלק אין זיין ווייטערדיקער עקזיסטענץ און אַנטוויקלונג, גייט אים אויך איצט נאָך לחלוטין ניט אָן. פאָרמען אָבער און אפילו אינהאַלטן לאָזן זיך ניט איבערנעמען, רופן ניט ארויס קיין תשוקה איבערגענומען צו ווערן ניט אויף אַ פּאָעטישן און ניט אויף וועלכן עס איז אַנדער אופן, אויב מען נעמט ניט איבער, אויב מען לאָזט ניט פון דאָס ניי אין זיך צום לעבן קומען די קראַפט גופא, וועלכע דריקט זיך אויס און אַנטפּלעקט זיך אין נאַציאָנאַלע פאָרמען און אינהאַלטן. די קראַפט גופא איז געווען און וועט בלייבן איינע און דיזעלביקע און דאָס איז — רעליגיאָ־זיטעט. אָן דער אויפלעבונג פון רעליגיאָזיטעט קאָנען ניט קומען צו תחית המתים קיינע פון אירע פאָרמען און קריסטאַליזירונגען

און קיין שום זאך ניט, אין וואס זי האט אריינגעבלאזן דעם אטעם פון הייליקייט. בלויז פאעטיש אויפגענומען רעליגיע מיינט ערשטנס אוועקצונעמען סוף כל סוף רעליגיאזיטעט פון פאעזיע, ווייל רעליגיאזיטעט ווערט דאך אויף אזא אופן אנשטאט א זעלבסטצוועק— א מיטל. און וועלכער אויסדרוק פון קולטור קאן עס עקזיסטירן אנדערש ווי א זעלבסטצוועק ? צווייטנס, מיינט עס אויסליידיקן רעליגיע פון פאעטישקייט, ווארום ניט שייך איז פאעזיע דארט וואו עס איז ניט פאראן קיין עכטער ווירקזאמער לעבן, קיין אינערלאכער זין און ווערט און קיין ציל אן און פארזיך גופא. אויפגענומען און אויפגעלעבט, דאריבער, מוז ווערן דער מהות פון רעליגיע גופא, איר רעליגיאזיטעט מוז ווידערגעבוירן ווערן.

רעליגיע גופא מוז פון דאס ניי ווערן דער קוואל, וואס זאל אנטרינקען די ווארצלען פון די לעבנס און דערקענטעניש בוימער אין דער נשמה און גייסט פון מענטש. זי מוז פון דאס ניי ווערן א קראפט, וואס זאל שטויסן די מענטשהייט פאראויס אויפן וועג פון פארטיפונג און דערהויבונג פון גייסט און פון דער איבערוועלטיגונג פון גייסט איבער מאטעריע, פון נשמה איבער גוף און פון קולטור איבער ציוויליזאציע. כדי רעליגיע זאל דאס ווערן, מוז זי זיך באפרייען פון אירע — וואס העפדינג רופט אן—טויטע ווערטן. דאס איז א באפרייאונג פון אלץ, וואס האט מיטן אנקום פון נייע צייטן, נייע אומשטענדן און א נייער פארנינפטיקייט פארלארן זין און האלט זיך אויף בלויז דורך פסיכישער אינערציע. ניט קאנענדיק מער אריינברייגגן די נשמה אין התפעלות און התלהבות, און פירנדיק מיט דער כונה אלץ מער א געזעץ־בונד אנשטאט א ליבעס בונד, ווערט אלץ דאס וואס האט געהאט א זין און ווערט אין געוויסע צייטן און אונטער געוויסע אומשטענדן א שטער פאר דער פארטיפונג און אנטוויקלונג פון דעם, וואס האט א ווערט פון אייביק ביז אייביק.

פון אזא אייביקן ווערט אין רעליגיע איז דער געפיל פון מענטש, אז פאראן איז א באשאפער און פירער פון אלע באשעפענישן, און אז דער באשאפער איז געוועזן, איז און וועט זיין. דאס איז א געפיל, וואס זאגט אונטער, אז ווען די גאנצע וועלט, וועלכע מיר נעמען אויף מיט אונזערע חושים זאל אונטערגיין, וועט נאך אלץ בלייבן ווער וואס זאל איבער אירע חורבות גיין און פאדערן פון דעם וואס לעבט אייביק דעם אויפבוי פון א העכערן מין וועלט און מענטש.

דער דאזיקער געפיל קאן קיינמאל ניט פארלירן זיין זין און

ווערט, ווייל אַז דעם דאָזיקן געפיל און אַז דעם גלויבן, וואָס שלאָגט פון אים אַרויס, ווערט אַלץ זינלאָז און ווערטלאָז, אַפילו די ווערטער זין און ווערט גופא. עס רייסט זיך איבער דער פאַדעם צווישן אויסגאַנגס־פּונקט און ענדציל, און עס ווערט פריי דער גאַנג צו דעם אויס פון אַלץ, צו דעם הבל הבלים, הכל הבל, און צום לאַגיש אויסגעהאַלטענעם געפיל און האַנדלונג פון נאכל ונשתה כי מחר נמות, עס און טרינק און לעב אַ חזיר'שן טאָג, ווייל אַזוי אָדער אַנדערש ביסטו געווען גאָרנישט און דו ועסט אויך ווערן גאָרנישט שבגאָרנישט.

ווידעראויפלעבן רעליגיע, שאַפן מעגלאַכקייט פאַר איר ווי־דערגעבורט און ווידערגעבורט פון אַלץ, וואָס איז שיין אין איר אין פאָרם און אין אינהאַלט, מיינט צו פאַרבייטן איר סטאַ־טישקייט אויף דינאַמישקייט און איר געשלאָסנקייט און אָפּגע־טויטקייט אויף אַ פּראָצעס פון אונאויפהערלאַכער פאַנאַנדער־עפענונג און פאַנאַנדערבליאונג. עס קאָן ניט צופיל ווידערהאָלט ווערן, אַז די אויפלעבונג פון רעליגיע אין און צווישן די ראַדיקאַלן מוז צווישן אַלע אַנדערע זאַכן באַדייטן קודם כל אַז איינגערע פאַרבינדונג צווישן רעליגיאָזיטעט און מאָראַל בכלל און דער עיקר צווישן דער מאָראַל, וואָס פאָדערט גלייכהייט אין דער עקאָנאָמיק און פרייהייט אין גייסט פאַר אַלע מיטגלידער אין דער געזעלשאַפט אַז קיין שום אויסנאַם. די דאָזיקע פאַרבינדונג צווישן רעליגיאָזיטעט און דעם נייעם העכסטן סאָציאַל־עטישן אידעאַל דאַרף און וועט זיין דער סימן מובהק פון רעליגיעזן ראַדי־קאַליזם אין קעגנזאַץ צו אַלערליי אַטעאיסטישע און מאַטעריאַ־ליסטישע ראַדיקאַליזמען, און פון דער ראַדיקאַלער רעליגיאָזיטעט אין קעגנזאַץ צו דער רעליגיע אין אירע אַלערליי אָרטאָדאָקסישע און רעפאָרמיסטישע געשטאַלטן. רעליגיעזער ראַדיקאַליזם באַטייט אַ שטרעבונג צו און אַז איינשטעלעניש פאַר אַ גרינדלאַכער איבער־אַנדערשונג פון די סאָציאַלע שייכותן צווישן מענטש און מענטש אין ליכט פון דעם נביאישן כה אמר ה' — אַזוי האָט געזאָגט גאָט. ראַדיקאַלע רעליגיאָזיטעט באַטייט אַז אָרגאַנישע פאַרבינדונג אונטער וועלכער די העכסטע מאָראַלישע באַגריפן און האַנדלונגען ווערן די פּראָוושטיינער פון עכטע און טיפע רעליגיעזע געפילן.

דאָס מיינט ניט, חלילה, ווי אַ סך ראַדיקאַלן שטעלן זיך עס פאָר, אַז גאָט'ס עקזיסטענץ קאָן אָדער דאַרף באַוויזן אָדער אָפּגע־פרעגט ווערן דורך דעם, וואָס אין זיין נאָמען זענען און ווערן באַגאַנגען טאַטן פון העכסטער ברוטאַליטעט און חיה'שקייט און אָפּגעטאָן מעשים פון גרויליקער אוממאָראַלישקייט און אוממענש־

לאַבקייט. אַזאַ אָפּפרעג איז לחלוטין ניט שייך, ווייל ווער קאָן אונז קאָווירן פאַר דעם, אַז דער קאָנטראַסט גופא צווישן ברוטאַליטעט און ווייכהאַרציקייט און צווישן גוטס און שלעכטס בכלל, וואָלט גאָר איננאַנצן עקזיסטירט, ווען ניט דער געפיל, אַז פאַראַן איז, ווי מען האָט געלערנט דעם אידן צו זאָגן, אַן אדון עולם, אשר מלך בטרם כל יציר נברא — אַ האַר פון דער וועלט, וואָס האָט געקיניגט איידער אַלע באַשעפענישן זיינען באַשאַפן געוואָרן און אַז ועם רוחי גויתי ה׳ לי ולא ירא — ווען מיין גוף איז מיט מיין נשמה אינאיינעם, איז גאָט מיט מיר און איך האָב דעמאָלט פאַר קיינעם קיין מורא ניט. זיכער איז אָבער, אַז מען קאָן ניט באַוואוסטזיניגערהייד באַגיין שלעכטע טאַטן און מאוסע האַנדלונגען בעת מען פילט און בעת מען איז טיף דורכגענומען מיט גאָט׳ס פאַראַנענקייט אין זיך און איבער זיך. און באַגייט מען יאָ אַזעלכע מעשים רעים, מיינט עס, אַז ניט טיף גענוג נאָך האָט אַריינגעדרונגען אין דער נשמה דער געפיל פון מציאות הבורא.

אומעטישע אויפפירונגען פאַרלייקענען ניט גאָט׳ס זיין אויף דער וועלט, זיי זאָגן בלויז עדות אויף דעם, אַז מען קען רעדן וועגן גאָט מיט דער צונג, ניט פילנדיק אים אין האַרצן און ניט דערקענענדיק אים מיט דער פאַרשטאַנדיקייט. מען קאָן זיין אָנגעשלאָסן אין אַן אָרגאַניזירטער רעליגיעזער אינסטיטוציע, ניט זייענדיק דורכגעדרונגען מיט קיין רעליגיאָזיטעט געפיל. מען קאָן מיט די ליפּן שעפּטשן תפילות צו גאָט, זייענדיק מיט די מחשבות און תשוקות פאַרטאָן אין זאַכן און געגענשטאַנדן, וואָס האָבן צו געטלאַכקייט קיין ברעקל שייכות ניט. אַ גרויסער זין איז דאַריבער פאַרבאַהאַלטן אין דעם באַפעל (אוהבי ה׳ שנאו רע) איר וואָס האָט ליב גאָט, האָט פיינט שלעכטס. עס מיינט אַז די שנאה צו שלעכטס איז דער פּרואווּשטיין פאַר דער ליבע צו גאָט. נאָר ווען די ליבע צו גאָט פירט צו גוטס, שיינס און דערהויבנס קומט רעליגיע צו איר טיפסטן אויסדרוק — צו רעליגיאָזיטעט.

די נפקא מינא צווישן רעליגיע און רעליגיאָזיטעט האָט פאַרשטאַנען דער נביא, און דאַרום די רייד פון ישעיה הנביא :

אייערע ראש־חודשן און אייערע יום טובים
האָט פיינט מיין זעל,
זיי זיינען מיר צו לאַסט געוואָרן,
איך קען זיי ניט פאַרטראָגן.
און אַז איר שפּרייט אויס אייערע הענט,
וועל איך פאַרהוילן מיינע אויגן פון אייך,

און פיל איר זאָלט ניט תפילה טאָן,
הער איך ניט צו.
אייערע הענט זיינען פול מיט בלוט.
וואַשט אייך, רייניקט אייך,
טוט אָפּ אייערע שלעכטע מעשים
פון קעגן מיינע אויגן,
הערט אויף שלעכטס צו טאָן.

רעליגיע איז נאָר דעמאָלט רעליגיאָזיטעט, נאָר דעמאָלט באַטייט זי אַ פילן און אַ אַריינלעבן זיך אין דעם זיין פון אַן אַלהעכסטן לייטענדיקן גייסט, ווען זי באַווירקט און באַאיינפלוסט צום שענסטן, העכסטן און טיפסטן דעם יחיד און דעם כלל, אַלע שייכותן צווישן זיי און אַלע קולטור־אויסדרוקן אין זיי.

אין אָט דער ריכטונג און אויף אַזעלכע וועגן, אויף די וועגן פון די נביאים, צו טרייבן די ווידערגעבורט פון רעליגיע און די פּאַרטיפונג פון רעליגיאָזיטעט — דאַרף ווערן איינע פון די וויכ־טיגסטע אויפגאַבן פון'ם ראַדיקאַליזם. געקומען איז די צייט, ווען עס דאַרף טיף דערפילט ווערן און קלאָר פאַרשטאַנען ווערן און מיט פול מויל צו זיך און צו אַנדערע געזאָגט ווערן, אַז אונזער אידיש־נאַציאָנאַל ראַדיקאַלע באַוועגונג באַוועגט זיך קוים, און באַלד, באַלד וועט זי זיך פון אָרט ניט רירן, סיידן עס וועט אַריינ־געבראַכט ווערן אין דעם אידיש־ראַדיקאַלן לעבן אַ ראַדיקאַל רעלי־גיעזע קראַפט, וואָס נאָר זי קאָן אַריינגעבן אין די אַלטע פאָרמען אַ נייעם לעבנס אָטעם.

פאָרמען פון אַן אַלטן גלויבן קאָנען ווערן אַ פונדאַמענט פאַר נייע פאָרמען פון אַ נייעם גלויבן. זיי קאָנען אָבער ניט און וועלן אויף קיין פאַל ניט ווערן אַ פונדאַמענט פאַר פאָרמען און שטייגערס פון לעבן אָן אמונה, פון אַ לעבן, וואָס זאָל אין נאָמען בלויז זיין רעליגיעז, פון אַ רעליגיעזן לעבן אָן אַ גאָט. אַ בלויז מ ע נ ט ש ל א ך גייסטיקע וועלט, אַ ריין מ ע נ ט ש ל א ך גייסטיק לעבן קאָן זיין אַלץ, נאָר ניט קיין רעליגיעזע וועלט און ניט קיין רעליגיעז לעבן. אין אַזאַ וועלט, אין אַזאַ לעבן קאָן ניט אַריינגענומען ווערן דער באַגריף אמונה. גלויבן איז זין פון רעליגיאָזיטעט האָט אַלע מאָל געמיינט און וועט אויף ווייטער מיינען אַנריר און באַריר, אַנשלוס און באַהעפטונג אויף אַזאַ אָדער אַנאַנדער אופן מיט גייסט איבערמענטשלאַכן, מיט וועלט איבער אונזער וועלט, און מיט קוואַלן איבערערדישע.

דער קווינט־עסענץ פון גלויבן, דער מהות פון רעליגיאָזיטעט איז דאָס פילן און באַנעמען פון דער פאַראַנענקייט פון אַ גייסט,

וואָס איז העכער און איבער דעם גייסט, וועלכן מיר פילן און זעען אין מענטש. ער איז העכער און איבער אַלץ, וואָס קאָן פאַרגע־שטעלט און אויסגעמאָלט ווערן אין דער מענטשלאַכער פאַנטאַזיע. אויף דעם בעסטן און העכסטן פאַל איז מענטשנס גייסט אַן אויס־דרוק בלויז פון אַן אַלץ איינשליסנדיקן און אַלץ איבערשטייגענ־דיקן אַלוועלטלאַכן גייסט. דער זין און ווערט פון מענטשנס גייסט ליגט אין דעם, וואָס פאַראַן איז אַ וועזן, אַ קראַפט, וואָס איז גרעסער, העכער און הייליגער פון מענטש און וואָס גיט זין, ווערט און באַטייט צו אַלץ, וואָס מענטש פילט און באַצייכנט ווי הייליג. און ווי דער דאָזיקער העכסטער אַלוועלטלאַכער גייסט איז איבער אַלץ, אַזוי איז ער אויך אין אַלץ. ער מוז דורך אַלץ און דורך אַלעמען זיך דערשלאָגן, און פון די וואָס האָבן אויערן צו הערן, אויגן צו זען, הערצער צו פילן און מוחות צו טראַכטן— פון זיי מוז ער, פון זיי וועט ער פריער אָדער שפּעטער באַנומען ווערן מיט אַ באַנומענקייט, וואָס דערהויבט און פאַרטיפט, לײַ־טערט און הייליגט.

דאָס איז דער זין פון דעם זאַץ אין דער תורה : ויברא אלהים את האדם בצלמו, בצלם אלהים ברא אותו—און גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן אין זיין געשטאַלט, אין דער געשטאַלט פון גאָט האָט ער אים באַשאַפן און דאָס איז אויך דער זין פון —קדושים תהיו, כי קדוש אני ה׳ אלוהיכם—הייליג זאָלט איר זיין, וואָרום איך יהוה אייער גאָט בין הייליג.

גאָט, אַלזאָ, איז ניט, ווי דער ראַדיקאַליזם האָט ביז איצט אָנגענומען, אַ פּועל יוצא פון דער בענקשאַפט פון דער מענטש־לאַכער נשמה—נאָך העכערס, שענערס, נאָך איבערערדישעס און איבערנאַטורישעס, נאָר פאַרקערט, ער איז די סיבה פון דעם אַלץ. ווען ער זאָל ניט זיין, וואָלט די ביינקשאַפט ניט געווען. דער ראַ־דיקאַליזם מוז זיך אייניקן מיט דעם געדאַנק און אָנהויבן צולאָזן צו זיך דעם געפיל, אַז גאָט׳ס פאַראַנקייט איז פאַראַנטוואָרטלאַך פאַר לעכצעניש און בייִנקעניש נאָך איבערס און העכערס, נאָך שענערס און טיפערס. זיין עקזיסטענץ רעגט עס די נשמה צו פרעגן :

ה׳, איה אמצאך ? ואנה לא אמצאך ?
מקורך נעלה ונעלם, כבודך מלא עולם.

(גאָט, וואו קאָן איך דיך געפינען? אָבער וואו קאָן איך דיך נישט געפינען).

דו ביסט באַהאַלטן אומעטום און מען זעט דיך, און דו ביסט

פול אומעטום. *) זיין מציאות רעגט די נשמה צו אזא אויסגוס ווי:
דיינע זיינען די סודות, וואס שכל און געדאנק קענען זיי ניט
דערגראבן
און דאס לעבן, אויף וועלכן פארניכטונג קאן קיין שליטה
ניט האבן.
דיינס איז דער שטול, וואס שטייט העכער איבער אלע העכסטע
אויפגעהויבן,
און די וואוינונג, וואס איז פארבארגן אין די הימלען אויבן.
דיינס איז די עקזיסטענץ, וואס פון שאטן פון איר ליכט איז
אלץ וואס עס איז דא געראטן,
פון וועלכער מיר זאגן, אז מיר לעבן אין איר שאטן.
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
דו ביסט דא—און איידער צייט איז נאך געווען, ביסטו שוין געווען,
און איידער פלאץ איז נאך געווען—ביסטו שוין געשען.
דו ביסט דא—און דיין סוד איז פארהוילן פאר מענטשנס זינען,
טיף, טיף איז דיין סוד — און ווער קען אים געפינען.
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —
דו לעבסט—און יענער, וואס וועט צו דיין סוד דערגרייכן,
וועט געפינען אייביקן תענוג אין די הייכן —
וועט פארזוכן דיין פרוכט און לעבן אייביק.
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —
דו ביסט דאס ליכט פון דער וועלט—און דאס אויג פון שכל גארט
און לעכצט נאך דיין גלאנצן —
עס זעט נאר א ברעג פון אים, אבער נישט אינגאנצן.
(,,כתר מלכותיי, שווארץ איבערזעצונג)
פאראן איז אלזא ביינקשאפט צום העכערן און העכסטן, צום
הייליגן און הייליגסטן, פאראן א פילן און א שטרעבן צו דעם,
וואס ווערט פון קיינע באגריפן און פארשטעלונגען ניט דערפארשט
און ניט דערגרונטעוועט און פון קיינע געפילן און עמאציעס ניט
אויסגעשעפט. און פאראן איז דאס אלץ דערפאר, וואס פאראן
איז דער, וואס גייט אונטערן נאמען גאט און וועלכער איז שאפער
און אורקוואל פון זיך אליין און פון אלץ וואס מיר זיינען יא
און ניט תופס, פון אלץ, וואס גייט אריין אין קרייז פון אונזער
פארנעם און באנעם און פון דעם, וואס שטייט פון יענער זייט
פון דעם דאזיקן קרייז און ווארט אויף דער געלעגנהייט אריינ־
גענומען צו ווערן. עס איז דער גאט פון שפינאזא, פון רמב"ם

*) ליעסין ,,צוקונפט", אפריל 1934.

פון בערגסאָן, אַזוי גוט ווי פון אברהם, יצחק און יעקב. עס איז אויך דער גאָט, וואָס צו אים ווענדט זיך דער מחבר פון תהילים מיט די פראַגן:

וואוהין זאָל איך גיין פון דיין גייסט ?

און וואוהין זאָל איך אַנטלויפן פון דיין גייסט ?

און ער ענטפערט:

אויב איך זאָל אַרויפגיין אין הימל, ביסטו דאָרט פאַראַן.
אויב איך זאָל זיך אויסבעטן אין שול, זע, ביסטו דאָרט פאַראַן.
אויב איך זאָל נעמען די פליגלען פון דעם פרימאָרגן,
און רוען אין די אויסערסטע טיילן פון ים,
אַפילו דאָרט וועט דיין האַנט מיך פירן,
און דיין רעכטע האַנט וועט מיך האַלטן.

און נאָר ווען גאָט איז פאַראַן, איז פאַראַן גלויבן, פאַראַן הייליקייט, פאַראַן רעליגיאָזיטעט. ווי האַריזאָנט איז צו דער שייכות צווישן הימל און ערד, אַזוי איז רעליגיאָזיטעט — צווישן גאָט און מענטש. רעליגיאָזיטעט איז דער צונויפטרעף־פונקט צווישן גאָט און מענטשלאַכן גייסט, צווישן דער אַלוועלט־נשמה און דער נשמה אינ׳ם מענטשן.

די שווערסטע און שרעקלאַכסטע אַנשיקעניש אויף דעם ראַדיקאַליזם איז געווען און איז נאָך אויך איצט דער אַזוי אָנגע־רופענער פרייער גערדאַנק. דאָס איז דער געדאַנק, אַז דער רעלי־גיעזער גלויבן קאָן אויסגעלייזידיגט ווערן פון דעם גאָט־באַגריף, אָדער, אַז מען קאָן אים אָנפילן און אויספילן מיט דעם באַגריף וועגן אַ גאָט, וואָס אים האָט מענטש באַשאַפן, אַנשטאָט דעם באַגריף פון אַ גאָט, וועלכער איז דער בורא הכל. דער געדאַנק פון אַ רעליגיאָזיטעט אינגאַנצן אָן אַ גאָט, אָדער מיט אַ גאָט געפורעמט און געשטאַלטעט פון מענש, דער געדאַנק פון וואָס זשיטלאָווסקי און אַנדערע האָבן אָנגערופן פרייער רעליגיאָזיטעט, איז איינער פון די שווערסטע ראַדיקאַלעכע שטיינער, וואָס דריקט אויף די הערצער און מוחות פון די ראַדיקאַלן און טאַרמאָזירט די ראַדיקאַלע באַוועגונג. און וועט דער דאָזיקער שטיין, חלילה, ניט אַראָפּגענומען ווערן, וועט דער ראַדיקאַליזם ווערן אַזוי אומ־באַוועגלאַך, ווי אַ לופט־שיף אָן די פליגלען, וואָס פאַטשן די לופט, אָדער ווי אַ שיף אין וואַסער אָן די רודערעס אויף צו שטויסן דאָס וואַסער.

אויב שוין יאָ רעדן וועגן פרייען געדאַנק, קאָן דען געמאָלט זיין אַ פ ר י י ע ר ג ע ד אַ נ ק, איידער דער געדאַנק, וואָס האָט זיך דורכגעשלאָגן דורך שפינאָזאָן ? און ווער אויב ניט

שפינאָזאַ, איז דער מחבר פון די פאָלגענדיקע זאַצן, וועלכע וועלן פריער אָדער שפּעטער מוזן אַריינגיין אין בלוט און פלייש פון דעם ראַדיקאַליזם, אויב אים איז נאָר באַשערט צו לעבן און צו ווירקן.

זאַץ—1. ווער עס דערקענט זיך גופא און זיינע עמאָציעס, ליבט גאָט, און אַלץ מער, וואָס מער ער דערקענט זיך גופא און זיינע עמאָציעס.

זאַץ—2. די דאָזיקע ליבע צו גאָט מוז פאַרנעמען דעם אויבן אַן אין דעם גייסט.

זאַץ—3. דער מענטשלאַכער גייסט קאָן ניט אַבסאָלוט פאַר־ניכטעט ווערן מיט דעם קערפּער, נאָר עס בלייבט עפּעס פון אים, וואָס איז אייביג.

זאַץ—4. אַפילו ווען מיר וואָלטן ניט געוואוסט, אַז אונזער גייסט איז אייביג, וואָלטן מיר אַלץ פאַר דער העכסטער וויכטיקייט געהאַלטן פרומקייט און רעליגיע.

רעליגיע אַלזאָ איז העכסט וויכטיק, מחמת זי קניפּט אָן און באַהעפט מענטש מיט איבער מענטש און איבערוועלט. זי קניפּט אים אָן און באַהעפט אים מיט דעם, וועלכער, אין שפּינאָזאָס ווער־טער „באַשטייט פון אומענדלאַכע אַטריבוטן, וואָס יעדער איינער פון זיי דריקט אויס אַן אייביקן און אומענדלאַכן מהות”, און וועמענס נאָמען איז גאָט.

דער פאַקט, וואָס אין יעדער רעליגיע געפינען זיך אויך מענטשלאַכע עלעמענטן, מיינט בשום אופן ניט, אַז זיי אַליין, אָן די איבערמענטשלאַכע עלעמענטן קאָנען מעגלאַך מאַכן דאָס וויטערדיקע וועבן פון די רעליגיעזע פעדעם און נעצן. גאָט און די אייביקייט פון גייסט זיינען די סיבה, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט רעליגיע און זיי זיינען די קראַפט, וואָס באַוועגט רעליגיע אויף פאַרשיידענערליי וועגן פון אַנטוויקלונג צו די אומענדלאַכע טיפן און הויכן. אַלע מענטשלאַכע עלעמענטן האָבן דאָרט אַ ווערט און אַ באַטייט נאָר אינ׳ם ליכט פון דעם מענטשנס חלומן און טראַכטן וועגן דער קראַפט, וועלכע איז העכער פון אים און צו וועלכער ער קאָן זיך אַלץ מער און מער דערנענ־טערן אָבער קיינמאָל ניט צוקומען.

אין דער איצטיקער רעליגיעזער אויפוואַכונג דאַרפן מיר בלויז רייניגן די רעליגיע פון יענע פאָרמען, צערעמאָניעס און סימבאָלן, וואָס קעגן זיי רעבעלירט די טיפערע מאָראַל און עסטעטיק, ווי אויך די טיפערע רעליגיאָזיטעט — דאָס אויף אייביק בלייבנדיקס קערענדל פון דער רעליגיע. אַלע תוכנס און וועזענט־

לאכקייטן פון דער רעליגיע דאַרפן און זאָלן געלייטערט ווערן אין די פייערן פון קריטיק פון שכל און פאַרנונפט, אין די פייערן פון מאָראַל און עסטעטיק, און זיי זאָלן אַזוי קאָנקרעט און זיכער אָוועקגעשטעלט ווערן פאַר אונזער מוח און אין אונזער האַרץ, אַז די מעגלאַכקייטן און נויטיקייטן פון זייער עקזיסטענץ און אַנטוויקלונג, ווי זיי מאָלן זיך אין אונזער פאַנטאַזיע, און ווערן אַרויסגעבראַכט פון אונזערע געפילן, זאָלן ניט קאָנען אָפּגעפרעגט ווערן פון קיין שום אַנדערע אויסדרוקן פון אונזער גייסט און קולטור.

אויף דעם דאָזיקן וועג—אויף'ן וועג צו באַנייטער און פאַר־טיפטער רעליגיאָזיטעט, צו אַ רעליגיאָזיטעט מיט אַ גאָט, קאָן און זאָל די רעליגיעזע אויפוואַכונג געפירט ווערן פון אַ אידיש נאַציאָנאַלן און רעליגיעזן ראַדיקאַליזם. און זאָל פאַר דעם צוועק זיך שאַפן אַ אידיש־נאַציאָנאַלער רעליגיעז־ראַדיקאַלער קולטור בונד, וואָס יעדער מיטגליד זיינער זאָל תכף אָנהויבן צו אַרבעטן מיט זיך און מיט זיינע קינדער, ווי אויך מיט אַנדערע און זייערע קינדער אויף אַ נייעם איינשטעל אין די שייכותן צווישן אידישן נאַציאָנאַליזם, אידישער רעליגיע און אידישן ראַדיקאַליזם.

מיר וועלן איצט איבערגיין בפרטיות צו די אני מאמינס, וועלכע וועלן, ווי מען קאָן זיך עס אויף'ן ערשטן בליק פאָרשטעלן, דינען ווי אַ יסוד פאַר דער ווייטערדיקער אויסאַרבייטונג פון לעבנס פּרינציפּן און לעבנסשטייגערס פאַר אַ קולטור־בונד און פאַר אידיש־נאַציאָנאַלע און רעליגיעז־ראַדיקאַלע פאַראיינען און געמיינדעס, וואָס זאָלן זיך גרינדן אַרום און פאַראַלעל צו דעם צענטראַלן אידיש־נאַציאָנאַלן און רעליגיעז־ראַדיקאַלן קולטור בונד.

## .5

### .א

אין דער צייט נאָך, ווען איניגע וויסנשאַפטלער זיינען געווען זיכער און אַנדערע האָבן געהאָפט, אַז אָט באַלד און די וויסנשאַפט וועט זיך דערגרונטעווען צו די יסודות פון'ם קאָסמאָס און זיך דערוויסן די סודות פון דער וועלט — אין יענער צייט האָט פּרץ געשריבן: „וויסן איז איינפאַך ליכט, העלער טאָג, נאָר דאָס ליכט פילט ניט אויס דעם רוים, דער טאָג—די צייט, דאָס וויסן — דאָס לעבן. אונזער גאַנצע וויסנשאַפט איז אַ גראַשנדיק ליכטל אין אַן אומענדלאַך פינסטערער הייל.

„אין פינסטערע ערטער, אין פינסטערע צייטן לייכטן אונז אידעאַלן, און שימערירן אידעען . . . "

און וואָס איז — פרעגט זיך — די אידעע פון אַלע אידעען? וואָס איז די אידעע, וואָס גיט אַ טעאָרעטישע באַרעכטיגונג און אַ פּראַקטישע באַגרינדונג פאַר אַלע האָפענונגען און אַלע שטרעבונגען?

אויף דעם איז געוועזן און קאָן זיין נאָר איין ענטפער: די אידעע איז גאָט.

די מינדסטע פאַרטיפונג אין די פּראָבלעמען פון קולטור, פירט אונז וואָס אַ טאָג, אַלץ מער צו דער איבערצייגונג, אַז יעדער טריאומף פון מענטשלאַכן געדאַנק איבער דער נאַטור ברייגנגט דעם מענטשן פּנים אל פּנים מיט נייע, פריער ניט געזעענע רעגי־אָנען, וואָס עפענען פאַרשלאָסענע פאַר אים האָריזאָנטן אין דער הויך און אין דער טיף פון דעם פאַרבאָרגענעם, וואָס איז אומ־ענדלאַך און אייביק. די אומענדלאַכקייט און אייביקייט טראָגן זיך העכער איבער אַלע נויטווענדיקייט און באַשטימונגען פון נאַטור געזעצן, איבער אַלץ וואָס איז באַגרעניצט אין צייט און אין רוים, און שטויסן אונזער פאַנטאַזיע זיך צו מאָלן, אונזער געדאַנק צו טראַכטן און אונזער נשמה צו פילן גאָט זיין אויף דער וועלט.

דאָס פילן און דאָס גלויבן, אַז פאַראַן איז אַן אַלהעכסטע, אַלמעכטיגסטע און אַן אַלוועלטלאַכע גייסטיגע קראַפט, וואָס הייסט גאָט — איז דער ערשטער יסוד פון יעדער רעליגיע און רעליגיאָ־זיעט, און דעריבער אויך — פון דער רעליגיע און רעליגיאָזיטעט פון אַ אידיש־נאַציאָנאַלן און רעליגיעז־ראַדיקאַלן קולטור־בונד.

רעליגיע און רעליגיאָזיטעט איז ניט נאָר אינדיווידועל, נאָר אויך סאָציאַל—דאָס איז דער צווייטער יסוד זיינער.

די סאָציאַלקייט פון רעליגיע נעמט זיך דערפון, וואָס די עקזיסטענץ פון יעדן מענטש געווינט אין זיינע אייגענע אויגן אין חשיבות און קריגט מער זין און באַטייט, וואָס מער אים געלינגט צו שאַפן אָדער צו געפינען אַרום זיך אַ שווין געשאַפענע אַטמאָס־פער, וואָס איז נאָהענט צו אים אין גייסט. וואָס ברייטער און טיפער די אַטמאָספער און וואָס אייגענער אין שייכות צו זיין גייסט, אַלץ מער מענטש דערפילט ער זיך צו זיין, אַלץ מער געשטאַרקט ווערט ער אין זיין שטרעבן צו ווערן מער און גיין העכער, און אַלץ וויניקער זיין פאַרלוירנקייט אין דעם קומען, ניט וויסנדיק פון וואַנען, און אין דעם גיין, ניט וויסנדיק וואוהין. איינער וואָס קאָן זיך ניט באַפרייען פון דעם געפיל, אַז ער אַליין און אַלץ אַרום און איבער אים הייננט אָפּ פון אַן אייביקן און אומענד־

לאכן גייסטיקן וועזן, איז געטריבן פון אן אומווידערשטייללאכן דראנג צו עפענען די זעלביקע האריזאנטן פאר די אויגן פון אלע באוואוסטזיניקע וועזענס. אים ווילט זיך ביז גאר אנשטעקן די הערצער און נשמות פון אלע מענטשן מיט די זעלביקע געפילן, און אינאיינעם מיט זיי לאזן די דאזיקע געפילן קומען צום אויסדרוק, זיך געשטאלטן און אויסקריסטאליזירן אין באשטימטע לעבנספארמען און לעבענס אינהאלטן. מחמת נאר אזוי ארום ווערט פארגרעסערט און פארטיפט די פון איין גייסטיג-טייג געקנאטע, אטמאספער.

לעבנספארמען און לעבענסשטייגערס, וועלכע פירן צו געמיינשאפטלאכע הארץ-אויסגוסן צום שאפער און פירער פון וועלט און מענטש, בינדן אינטימער און שטארקער מענטש צו מענטש און דורך דעם — אינטימער און שטארקער יעדן מענטש באזונדער צום העכסטן וועלטאל וועזן. דורך דעם ווידער ווערט פון דאס ניי פארטיפט און דערנעהנטערט דער צוגאנג פון מענטש צו מענש. עס שאפט זיך אזוי ארום א פאר׳כשופ׳טער קרייז צווישן מענטש און מענטש און מענטש און גאט, וואס ווערט ניט און קאן ניט איבערגעריסן ווערן.

רעליגיעזיטעט דאריבער איז קיינמאל ניט געווען און וועט קיינמאל ניט זיין אינדיווידועל, ווי דאס דיינקט זשיטלאווסקי און א סך ראדיקאלן מיט אים. זי איז געווען, איז און וועט זיין סאציאל, ווי דאס איז געווען און דאס וועט זיין דער מענטש גופא. רעליגיע איז אייגענטלאך אן אנקניפ און אנבונד פון מענטש אן גאט און פון דעם געטלאכן אין יעדן מענטש אן דער געטלאכקייט פון אלע אנדערע מענטשן. פון אלע צווייגן פון קולטור איז רעליגיע אלע מאל געווען צום ברייטסטן פארשפרייט צווישן די מאסן און אזוי דארף עס זיין אויף אלע מאל. מער געלייטערטע מאסן וועלן האבן א מער געלייטערטע רעליגיע — א. רעליגיע טיפער אין עטיק, העכער אין מעטאפיזיק, רייכער אין עסטעטיק, אבער פטור בלא כלום אי אפשר: אינגאנצן זיין אויסגעלידיגט פון רעליגיע און רעליגיאזיטעט, אינגאנצן אן אן אנבונד אין א ציל באוואוסטער סבת כל הסבות, אינגאנצן אן א לעבנס שטייגער, וואס זאל עסטעטיש און עטיש אויף א סאציאלן און נאציאנאלן אופן אויסדריקן דעם דאזיקן אנבונד — אן דעם קאנען ניט און וועלן ניט זיין די מאסן.

די אפהענגיקייט און די אנגעקניפטקייט אן דער העכערער און העכסטער קראפט אין דער וועלט, האט מענטש דערפילט און דערקענט אינ׳ם זעלביקן מאמענט, ווען ער איז מענטש געווארן.

און היינט צו טאג פילט עס טיף און שטארק און עס דערקענט עס אויף א קלארן און זיכערן אופן יעדעס קינד, ווען עס ווערט זעלבסטבאוואוסט, אויב עס האט נאר ניט געהאט דעם אומגליק פארסמט צו ווערן פון דער פארקריפלענדיקער אפיקורסות, וואס די פריידיינקער האבן אים, אויף א פרייען און געצוואונגענעם אופן, איינגעגעבן אין קלענערע און גרעסערע דאזעס אין די פריעסטע יארן פון זיין לעבן.

„אין דער פארגאנגענהייט, און אפילו נאך היינט, געפינען מיר — שרייבט דער פילאסאף אנרי בערגסאן — געזעלשאפטן, וועלכע פארמאגן ניט קיין וויסנשאפט, קיין קונסט און קיין פילאסאפיע, ניט געגעבן אבער האט קיין מאל און עס גיט אויך היינט ניט א געזעלשאפט אן רעליגיע *).

און וואס מער עס ווערן געפארשט די פארשיידענע רעליגיעס און אלערליי רעליגיאזיטעטס אויסדרוקן, אלץ זיכערער ווערט, אז די ווארצלען פון רעליגיע זיינען איינע און די זעלביקע, מעגן די צווייגן, די בליאונגן און די פרוכטן זיין ווי פארשיידן איינע פון די אנדערע און מעג מען אין די פארשיידנסטע באדנס לאזן שלאגן די ווארצלען און אויף די פארשיידנסטע אופנים זאפטיגן און ווארימען די באדנס און די ווארצלען.

און וואס זיינען די ווארצלען?

זיי זיינען די געפילן אין דער נשמה און אינטואיטיווע באנעמונגען פון גייסט אין מענטש, אז ער און וועלט זיינען אויסדרוק אדער שאפונג פון אן איבערוועלטלאכער און איבערנאטירלאכער קראפט. מיט דער אנטוויקלונג און פארטיפונג פון די געפילן און פון דער אינטואיציע אין מענטש ווערט די דאזיקע קראפט אלץ מער דערפילט און אנטפלעקט ווי אן אלץ ארומנעמענדיקער גייסט.

„פונקט ווי"—שרייבט בערגסאן — „די פלאטאנישע אידעען האבן פאר אונז פולקאמען און פולשטענדיג אנטפלעקט די רעאליטעט, וואס פון איר זעען מיר בלויז גראבע אפשפיגלונגען, אזוי פירט אונז די רעליגיע אין א מלכות שדי, פון וועלכן אונזערע איינריכטונגען, געזעצן און געברויכן ציינגן בלויז די גרעסטע אומריסן". און זיינע נייעסטע פארשונגען אויפן געביט פון רעליגיע פירן אים צום שלוס, אז „דער פאלעטעאיזם מיט זיין מיטאלאגיע אימפליצירט א מאנאטעאיזם, בא וועלכן די פילפאכע גאטהייטן

---

*) אין זיין בוך „קוואלן פון מאראל און רעליגיע".

עקזיסטירן בלויז סעקונדאר ווי רעפרעזענטאנטן פונם געטלאכן*).

דער געפיל, אלזא, פון א גאט פאראנאנקייט אין און איבער וועלט און מענטש איז דאס קערענדל פון רעליגיע און רעליגיאַזיטעט אין אלע צייטן און אין אלע ערטער; און באוויזן האט זיך עס אויף גאנס וועלט, אויב ניט — ווי בערגסאן דיינקט — פריער פאר וויסנשאפט, קונסט און פילאסאפיע, איז זיכער איינצייטיק מיט די דאזיקע און אלע אנדערע צווייגן פון קולטור. און ניט פאראן איז אויך קיין שום ספק אין דעם, אז דאס דאזיקע קערנדל האט זיך באזעצט, אויב ניט אין יעדן מענטשנס הארץ און נשמה, איז זיכער, אין מער הערצער און נשמות פון מענטשן איידער וועלכע עס איז אנדערע קולטור־קערנדלאך. און ווער נאר עס טראגט אין זיך א רעליגיעז קערנדל, דער שטרעבט צו דעם, אז וואס מער הערצער און נשמות פון מענטשן זאלן ווערן באדנס, אין וועלכע אזעלכע קענרדלאך זאלן שלאגן ווארצלען.

דער רעליגיעז פילנדיקער דארף און זאל טאן מיט דעם וואס פילט ניט רעליגיעז דאס זעלביקע וואס דער זעעוודיקער טוט מיט דעם בלינדן. וואס ווערט ניט געטאן און וויפיל דארף און וועט נאך געטאן ווערן אויף דעם וועג פון אנשטרענגונגען אויף צו מאכן די בלינדע זעעוודיק? פאר וואס־זשע זאל זיך יעדער רעליגיעז פילנדיקער ניט געבן די גרעסטע מיה און זיך ניט ביז גאר אנשטרענגען פאר דעם, אז דער געשטראפטער, פון גליקזעליקייט אויסגעשלאסענער ניט־רעליגיעז פילנדיקער, זאל דערפילן זיך, די וועלט און איבערוועלט אויף א רעליגיעזן אופן? ניט־רעליגיעזקייט איז דאך ניט, חלילה, קיין אומהיילבארע חלאת, וואס מיט איר קומט עמיצער אויף דער וועלט און מוז מיט איר בלייבן ביז ער גייט אוועק פון דער וועלט. זאגט דאך אונז דער גרויסער פסיכאלאג דזשיימס, אז „די רעליגיעזקייט קאן זיך נאך אלעמען ארויסציינגן צו זיין א פאל פון צייטווייליגער אינהיבירונג. אפילו שוין גאר אין שפעטערדיקע יארן פון מענטשנס לעבן קאן פארקומען א געוויסע צעשמעלצונג, א געוויסע באפרייאונג, א געוויסער ריגל קאן זיך א דריי טאן אין דער טריקנסטער ברוסט און דעם מענטשנס הארטע הארץ קאן ווייכער ווערן און אויסברעכן אין א רעליגיעזן געפיל" *).

און דער אמת איז דאך, אז די גאנצע ראדיקאלע ניט־רעליגיעזקייט איז א פועל יוצא פון א צייטווייליגער אינהיבירונג, א

---

*) אין זיין אויבן דערמאנטן בוך.

*) אין זיין בוך Variety of Religious Experiences

רעזולטאט פון דעם, וואס עס האט זיך פארשפרייט דער געדאנק, אז עס איז ניט פראגרעסיוו, ניט וויסנשאפטלאך, ניט פארנינפטיג צו זיין רעליגיעז. עס איז בשום אופן ניט פאראן מער פרייקייט און זעלבסטשטענדיקייט אין דער ניט־רעליגיעזקייט פון דעם ביז איצטיגן ראדיקאליזם, ווי אין דער רעליגיעזקייט אפילו פון דער ארגאניזירטער רעליגיע פון דער ביז איצטיגער שול. האט דאך שוין פרץ לאנג צוריק געפרעגט די ראדיקאלן : פריי ווילט איר זיין ? איז אנגעווארפענע אפיקורסות ניט קיין צוואנג, ניט קיין יאך גלייך מיט אנגעווארפענער פרומקייט ?

פארוואס זשע דאריבער, זאלן ניט אלע רעליגיעז־פילנדיקע ראדיקאלע אידן — און אזעלכע זיינען שוין פאראן א היבשע צאל — זיך פאראייניגן און אויף א געמיינשאפטלאכן אופן ארבעטן אויף דעם אפשאף פון דער דאזיקער רעליגיעזער אינהיבירונג דורך דער פארשפרייטונג אויף א מינדלאכן און שריפטלאכן אופן דעם געדאנק, אז רעליגיאזיטעט איז טיפסטן זין פון ווארט שטימט צונויף מיט פראגרעס, מיט וויסנשאפט, מיט פילאסאפיע און מיט אלץ אין מענטש און מענשהייט, וואס שטויסט אויף די וועגן, וואס פירן פון חיה'שקייט צו איבערמענטשלאכקייט. פארוואס ניט אויף א פאראייניגטן אופן ארבעטן אויף דעם, אז עס זאל זיך אלץ מער פאנאדערטראגן אין דער ברייט און אין דער טיף פון דעם ראדיקאלן לאגער דער היתר אויף צו טראכטן, צו רעדן, צו פילן און צו גלויבן אין דער עקזיסטענץ פון א גאט, און אזוי ארום באפרייען דעם ראדיקאל פון דער רעליגיעזער אינהיבירונג.

„דער רעליגיעזער סענטימענט — שרייבט דער אידיש ענגלישער פילאסאף אלעקסאנדר — שטאמט פון אן ארגאנישן און רויען אינסטינקט אדער — אויב די פאסיקייט פון טערמין אינסטינקט זאל אפגעפרעגט ווערן — איז פון א רויען שטרעבן אין דער מענטשלאכער נאטור. מיט דעם וואס איך רוף עס אן רויער אינסטינקט, מיין איך ניט צו זאגן, אז עס איז פון דער זעלביקער מדרגה, וואס די קערפערלאכע אינסטינקטן זיינען, ווייל עס איז דאך דאס העכסטע וואס מיר פארמאגן, אויף אזוי ווייט ווי עס באציט זיך אויף דעם פולקאמסטן געגענשטאנד. איך מיין בלויז, אז עס איז א פארלאנג, וועלכער איז פארווארצלט אין אונזער וועזן און וואס נויטיגט זיך ניט אין מאראל אדער קונסט, אז זיי זאלן אים אנטפלעקן פאר אונז, נאר פארקערט, ער ווערט דורך זיי ווי אויך דורך אנדערע מיטלען סטימולירט צו האנדלונג" *).

*) אין זיין בוך Space, Time and Diety

יעדער מענטש, אלזא, איז געבענטשט פון גאט מיט דער פייאיקייט דורכגענומען צו ווערן מיט רעליגיאזיטעט און דערפילן און דורכלעבן יענע אייגנארטיגע גליקזעליקייט, וואס נאר זי קאן געבן. ווי די בלומען אין פרילינג, אזוי קאנען נאך אמאל די הארטסטע הערצער אין די פארטריקנסטע ברוסטקאסטנס פון די ראדיקאלסטע ראדיקאלן זיך עפענען צו די שטראלן פון געטלאכקייט. און אויב רעליגיאזיטעט איז פאר די כחות פון גאר פיל מענטשן, טא פאר וואס־זשע, צוליב אונזערע און אלעמענס גליקזעליקייט, ניט ארבעטן פאר דעם, אז זי, די דאזיקע פאטענציעלע רעליגיאזיטעט זאל ארויסגעבראכט ווערן מכח אל הפועל, און אז דורך דעם זאל דער גייסט אין מענטש אלץ אפטער געטריבן און געשטויסן ווערן צו אלץ זיגרייכערע טריאומפן איבער דער מאטעריע.

קיין איין מענטש מוז ניט און טאר ניט געצוואונגען ווערן צו זיין רעליגיעז, פונקט ווי ער מוז ניט און זאל ניט געצוואונגען ווערן צו זיין ניט רעליגיעז. יעדער מענטש אבער דארף זיין רעליגיעז.

פאר וואס?

ווייל רעליגיאזיטעט איז א טיפער, אויב ניט דער טיפסטער קוואל פון גליקזעליקייט. און וואס מער אמת רעליגיעז־פילנדיקע מענטשן אין איינעמס וועלט, אין איינעמס פאלק, אין איינעמס געזעלשאפט, אלץ אימפעטיגער קוואלט זיין אייגענע גליקזעליקייט. אימפעט שטעקט אן מיט אימפעט און פירט צו דעם, אז עס זאלן טיפער געגראבן ווערן די אלטע קוואלן און עס זאלן זיך פאנאנדער־עפענען נייע קוואלן פון גליקזעליקייט. פאראן אן אייביק זייענדיק וועזן, וואס רופט, וועקט און שטויסט די ביינקשאפט און די דיינקשאפט, דאס וועלן און דאס שטרעבן צו דעם העכערן, שענערן און טיפערן און דאס אריינלעבן זיך אינם אייביקן און אומענדלאכן. אייביק איז דאריבער דער מקור פון רעליגיע. און ווי אייביק איר מקור, אזוי אייביק איז איר סאציאליטעט. זי איז ווי דער מענטש גופא געווען פריער סאציאל און נאכדעם אינדיווידועל. און וואס מער אינטענסיוו זי ווערט אינדיווידועל, מער עקסטענסיוו ווערט זי סאציאל: מער אלגעמיין, מער אנשלאגנדיק אין אן אלץ גרעסערער און גרעסערער צאל מענטשלאכע הערצער און נשמות און אלץ מער טרייבנדיק און שטויסנדיק זיי צו דער אנשליסונג אין אלערליי גרופעס, געמיינדעס און געזעלשאפטן.

און איז רעליגיע סאציאל, מוז זי שוין איפסא פאקטא זיין נאציאנאל.

די נאַציאָנאַלקייט פון רעליגיע איז דער דריטער יסוד פון דעם אידיש־נאַציאָנאַלן און רעליגיעז־ראַדיקאַלן קולטור־בונד.

יעדער קולטור־סאָציאַלער אויסדרוק ווערט און זאָל געשטאַלטעט ווערן נאַציאָנאַל. וואָס איז גוט און נויטיג פאַר מיין נשמה, פאַר מיין גייסט, זאָל דורך מיין אַרבעט, דורך מיינע אָנשטרענגונגען, וואָס גיכער דערפילט ווערן ווי גוט און נויטיג פאַר דער גייסטיגער אַנטוויקלונג פון יעדן זון און טאָכטער קודם כל פון מיין פאָלק, און דורך מיין פאָלק — פון יעדן איינציקן זון און טאָכטער פון אַלע אַנדערע פעלקער.

דאָס וואָרט פרייהייט, ווען מען רעדט און שרייבט וועגן פרייער רעליגיע, אָדער פרייע רעליגיעזע געמיינדעס, קאָן און זאָל בלויז מיינען פריי, פון וועלכן עס איז פּאָליטישן צוואַנג, פריי פון וועלכן עס איז מלוכה אָדער געזעץ צוואַנג; פריי פון פּאָליטיק בכלל. אויף וויפיל די אידעע און דער אויסדרוק סאָציאַליזם טראָגט אין זיך אַן אָנוואונק אויף פּאָליטיק, מלוכה און געזעץ, אויף אַזוי פיל, גלויב איך, טאָר ניט רעליגיע און סאָציאַליזם דערמאָנט ווערן בנשימה אחת. דער אויסדרוק רעליגיעזער סאָציאַליזם טראָגט אין זיך, לויט מיין איבערצייגונג, די געפאַר פון פּאָליטישער אָדער מלוכה'שער אַריינמישונג אין די שייכותן פון מענטש צו גאָט — די געפאַר, אַז עס קאָן אָנגעווענדעט ווערן די צוואַנג און אונטערדריקונג פון געזעץ פאַר אָדער קעגן רעליגיע און רעליגיאָזיטעט. פרייע רעליגיע אָבער און פרייע רעליגיאָזיטעט טאָר און זאָל בשום אופן ניט מיינען פריי פון סאָציאַליטעט און נאַציאָנאַליטעט. עס טאָר ניט און עס זאָל ניט מיינען, אַז רעליגיע איז אינדיווידועל. געזעלשאַפט און פאָלק זיינען אינטים און אָרגאַניש פאַרבונדן מיט די רעליגיעזע געפילן און אַנשויאונגען פון דעם יחיד, וועלכער איז אַ מיטגליד פון אַ געזעלשאַפט און אַ זון פון אַ פאָלק. און די סאָציאַל־נאַציאָנאַלע רעליגיעזע פאָרמען און לעבנסשטייגערס זיינען אויסדרוקן און קריסטאַליזירונגען פון יחידישע און כללישע וועלט און גאָט באַנעמען.

רעליגיע, צוליב איר פריוואַטעט און צוליב איר פּרימיטיווער און פעסטער פאַרוואָרצלטקייט אין דער נשמה און גייסט פון מענטש און פאָלק מוז און זאָל מער ווי וועלכער עס איז אַנדער קולטור־אויסדרוק זיך בויען, אַנטוויקלען און געשטאַלטן אויף נאַציאָנאַלע יסודות. זי מוז און זי זאָל אין יעדן אינדיווידואַל ציען אירע זאַפטן און שעפּן מוט און ענערגיע פאַר איר וויטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער וויטסטער פאַרגאַנגענהייט פון דעם פאָלק, פון וועלכן דער אינדיווידואַל איז אַ קינד.

דער אינדיווידואַל האָט אַ רעכט צו פֿאָדערן, אַז אים זאָל געגעבן ווערן די פֿולסטע פֿרייהייט אַריינצובריינגען אַלערליי ענדערונגען אין די רעליגיעזע באַגריפֿן פֿון זיין פֿאָלק, רעוואָלוציאָניזירן זיין פֿאָלקס רעליגיע ביז צו אירע גרונטן, ווי אויך — אויב דאָס ווערט זיין איבערצייגונג — צו באַקערן זיין פֿאָלק צו אַנאַנדער רעליגיע. אַליין אָבער זיך באַקערן צו אַ רעליגיע פֿון אַנאַנדער פֿאָלק איז פֿאַראַט צום אייגענעם פֿאָלק, אַפֿילו ווען מען בלייבט, ווי למשל, זשיטלאָווסקי מאָלט זיך עס, באַ די טראַדיציעס און באַ דער נאַציאָנאַל רעליגיעזער פּאָעטישקייט פֿון זיין פֿאָלק. אודאי קאָן און מעג יעדער אינדיווידואַל דערקענען און דערפֿילן—און גאָר אַ סך אינדיווידן האָבן דערקענט און דערפֿילט—גרויסקייטן און טיפֿקייטן רעליגיעזע, עטישע, מעטאַפֿיזישע און עסטעטישע אין דער גאָט־גלויביקייט פֿון אַנדערע פֿעלקער—אַזעלכע אינדיווידן אָבער מוזן אַריינוועבן זייערע דערקענטעניש און דערפֿילונגען אינם געוועב פֿון דער רעליגיע פֿון זייער באַטרעפֿנדיקן פֿאָלק.

פֿאַר וואָס טאָן אַנדערש מיט רעליגיאָזיטעט ווי מיר ווילן, אַז עס זאָל געטאָן ווערן מיט שפּראַך, מיט פֿילאָסאָפֿיע, מיט עטיק און מיט קונסט ? אַלץ וואָס איז מענטשלאַך, געשטאַלטעט זיך סאָציאַל און נאַציאָנאַל, און רעליגיאָזיטעט מער פֿון אַלץ, ווייל זי איז דער פֿריעסטער און טיפֿסטער שלאָגנדיקער וואָרצל אין דעם באָדן פֿון גייסט און קולטור. דאָס יהידישע ווי דאָס אוני־ווערסאַלע, דער איינציקער און די גאַנצע מענטשהייט שלאָגן זייערע וואָרצלען פֿון אַלדאָס שענסטע און בעסטע אינם באָדן פֿון סאָציאַליטעט און נאַציאָנאַליטעט.

„אַ יחיד”—שרייבט פּרץ—„איז ניט קיין פֿרייער איינציקער פּונקט אויף דער וועלט. ער איז אַ אויג אין ערגעץ, וואָס פֿאַר־שפּרייט זיך אויף אַ געוויסן פּלאַץ אויף דער ערד. די נעץ איז זיין דור. אַ מענטש איז איינוועגס אַ רינגעלע פֿון דער אומגעהויער־ריקייט, וואָס ציט זיך פֿון אברהם אבינו עד סוף כל הדורות.

„ווער קאָן אויף זיך זאָגן, אַז ער געהערט צו אַ פֿאָלק ? דער וואָס האָט פֿאַרבינדונג מיט אַלע אויגן פֿון דער נעץ, פֿון דער פֿאַרשפּרייטער אויף דער גאַנצער וועלט און קען גוט די קייט, וואָס ציט זיך פֿון אברהם אבינו ביז דעם היינטיגן טאָג”.

דער ערשטער אני מאמין דאַריבער פֿון אַ קולטור בונד אויף אידיש־נאַציאָנאַלע און רעליגיעז־ראַדיקאַלע יסודות, דאַרף זיין דער גלויבן, אַז דער געפֿיל פֿון גאָטס פֿאַראַנענקייט אויף דער וועלט איז געוועזן און וועט בלייבן דער לעבנס אָטעם פֿון רעליגיאָזיטעט. דער צווייטער און דריטער אני מאמינס קאָנען אויסגעדריקט ווערן

אין איין זאַץ און דאָס איז: דער גלויבן אַז דער געפיל פון מציאות הבורא דאַרף און זאָל קומען צום אויסדרוק אויף אַ סאָציאַלן אופן און דורך אַזעלכע נייע און אַלטע לעבנס פאָרמען און לעבנסשטייגערס, וועלכע זאָלן אַנטוויקלען, פאַרקערפּערן און פאַראייביקן נאַציאָנאַלע וועלט און לעבנס אינהאַלטן—נאַציאָנאַלע אנשויאונגען און איבערציינגונגען וועגן די שייכותן בין אדם למקום און בין אדם לחברו.

ב.

קינדער פונם אידישן פאָלק מעגן און זאָלן טאַקע דעם גאָט באַגריף פון דער אידישער לעגענדע, דעם גאָט פון אברהמן, פון יצחק און פון יעקב'ן, דעם גאָט פון דער אגדה פאַרטיפן און דערהויבן אין ליכט פון אַלערליי רעליגיעזע און מעטאַפיזישע גאָט באַגריפן פון אַלע פעלקער פון דער וועלט. זיי מוזן אָבער מיט דעם גאַנצן פאָלק ישראל בלייבן באַם גאָט פון דער אידישער לעגענדע, באַם גאָט פון אברהמ'ן, יצחק און יעקב'ן און באַם גאָט פון דער אידישער אגדה. אַזאַ בלייבן מיינט און באַטייט צו טרעטן אין די אַלטע און אויסטרעטן נייע קולטור וועגן, קאָנ־סערווירן אַלטע לעבנס־פאָרמען און לעבנס־שטייגערס און שאַפן נייע, און אַלץ—אונטער איין און איינציקער פאָן—דער פאָן פון דער אידישער רעליגיע.

מיטגלידער דאַריבער פון אַ אידיש נאַציאָנאַלן און רעליגיעז ראַדיקאַלן קולטור בונד און פון אידיש נאַציאָנאַלע און רעליגיעז ראַדיקאַלע פאַראיינען און געמיינדעס בכלל, טאָרן ניט און זאָלן ניט קאַרגן קיין מי און קיין אָנשטרענגונג אויף דעם, אַז זיי אַליין און דער עיקר זייערע קינדער זאָלן נאָענט און אינטים און אויף אַן ערשט קוואַליגן אופן קודם כל באַקאַנט ווערן מיט די לערעס פון אונזערע חכמים וזקנים וועגן די שייכותן צווישן מענטש, וועלט און גאָט איידער, אַדער לפּחות און אין צייט מיט זייער באַקענען זיך מיט דעם, וואָס ווערט געזאָגט מכח די דאָזיקע ענינים פון די גאונים מופלגים פון אַנדערע פעלקער.

דאָס ערשטע און דאָס גרונדיקסטע וואָס מוז און זאָל באַלד געטאָן ווערן פון יעדן מיטגליד פון דעם דאָזיקן קולטור־בונד און פון די אין אים אַנגעשלאָסענע און זיך באַהעפטנדיקע פאַראיינען און געמיינדעס, איז אָוועקצושטעלן פאַר זיך און פאַר די קינדער ווי אַן אויפגאַבע און ווי אַן אידעאַל, וואָס מוז אַן תרוצים רעאַלי־זירט ווערן — די שטודיע פון דער העברעאישער שפּראַך. ווער עס גייט אונטער דעם נאָמען איד, מוז לערנען די שפּראַך, וואָס

אין איר איז אויסגעדריקט און פֿאָרמולירט געוואָרן די גאָט אַנט־פּלעקונג און די גאָט־דערקענטעניש פֿונם אידישן פֿאָלק. מחמת עס איז די דאָזיקע אַנטפּלעקונג און דערקענטעניש, וואָס צייכנט אויס דאָס אידישע פֿאָלק צווישן אַלע אַנדערע פֿעלקער און גיט אים אַן אייגנאַרטיקייט און אויסשיידונג, וואָס האָבן ניט קיין גלייכן צו זיך אין דער געשיכטע פֿון קיין פֿאָלק אין דער וועלט.

באַ וועלכן נאָך פֿאָלק אין דער וועלט איז זיין רעליגיע אַזאַ אָרגאַנישער און אינטעגראַלישער טייל פֿון זיין געשיכטע, ווי באַ דעם אידישן פֿאָלק? וואָס נאָך פֿאַר אַ פֿאָלק אין דער וועלט האָט ווי דאָס אידישע, באַוויזן דורך זיינע נביאים צו שפּינען רעליגיאָזיטעט מיט עטישע פֿעדעם—מיט די פֿעדעם דער עיקר פֿון סאָציאַלער גערעכטיקייט? און אויף וואָסער אַ געביט פֿון קולטור און גייסט האָט זיך צום שטאַרקסטן און טיפֿסטן אַרויס־געוויזן די אָריגינאַליטעט און געניאַליטעט פֿונם אידישן פֿאָלק, אויב ניט אויף דעם געביט פֿון רעליגיעזער עטיק און עטישער רעליגיאָזיטעט? און דאָס אַלץ צום ערשטן מאָל און אויף דעם שענסטן אייגנאַרטיגסטן און דערהויבנסטן אופֿן אויף — דער העברעאישער שפּראַך, וועלכע איז צוליב דעם טאַקע דערפּילט געוואָרן און פֿאַרבליבן אויף שטענדיק אין זכרון פֿון פֿאָלק ווי אַ הייליקע שפּראַך — אַ לשון קודש. צו לערנען און צו קענען די דאָזיקע שפּראַך שוין נאָר צוליב דעם אַליין, אַז מען זאָל קאָנען לייענען דעם תנ"ך אינם אָריגינאַל, איז די הייליקע פֿליכט פֿון יעדן אידן בכלל און פֿון יעדן ראַדיקאַלן אידן בפרט.

ניט קיין אַנדערער, ווי דער איבערגעבענטסטער און פֿייער־דיגסטער קעמפֿער פֿאַר אידיש—חיים זשיטלאָווסקי, האָט געשריבן אין 1911: „די הייליגע שפּראַך פֿון יענער צייט, ווען די אידישע נשמה האָט נאַטירלאַך און ניט געקינסטלט אויסגעדריקט אין איר איר תוך—אַט יענע שפּראַך צו שטודירן, אין איר זיך צו פֿאַרטיפֿן, זען, אַז יעדער איד זאָל קאָנען לייענען דעם תנ"ך אינם אָריגינאַל — לייענען באַוואָפֿנט מיט דער גאַנצער קריטישער און היסטאָ־רישער פֿילאָלאָגישער וויסנשאַפֿט פֿון אונזער צייט — דאָס איז אַן אידעאַל, וועלכן די נאַציאָנאַל פּאָעטישע ווידערגעבורט פֿון דער אידישער רעליגיע קאָן בשום אופֿן ניט אַרויסלאָזן פֿון איר לייסטער. אַלע מאָל, ווען מיר טיפֿן זיך אַריין אין געדאַנקען פֿון אונזערע הייליגע שריפֿטן, דערהויפּט אין די נביאים, פֿילן מיר, ווי דאָס האַרץ הויבט אָן צו שלאָגן פֿריידיק און שטאָלץ, ווי נייע קוואַלן פֿון לעבן און מוט גיסן זיך אַריין אין די אָדערן, וווייל אייביקייט און אומענדלאָכקייט הויכט כמעט פֿון זייער יעדער

שורה... זיי זיינען אומשטערבלאַך און עס ווילט זיך גלויבן, אַז אומשטערבלאַך איז אויך דאָס פאָלק, וואָס האָט זיי אַרויסגע־בראַכט".

אַ סך פריער פאַר זשיטלאָווסקין האָט פּרץ געשריבן: „די העברעאישע שפּראַך האַלט צוזאַמען די רינגען אין דער צייט. זי פאַראייניגט אונז מיט משה רבנו, מיט די נביאים, מיט דער משנה, מיט דער גמרא, מיט אַלע אונזערע גרויסע שטערן, וואָס האָבן אַמאָל אויף אונזער הימל געלויכטן! די העברעאישע שפּראַך בינדט אונז צוזאַמען מיט די, וואָס האָבן פּיראַמידן גע־בויט, מיט די וואָס האָבן זייער בלוט אויף ירושלים'ס מויערן פאַרגאָסן, ווי אויך מיט די, וואָס האָבן אויף דעם ברענענדיקן פייער „שמע ישראל" געשריען".

בייצוקומען, אַז וועלכע עס איז תרוצים, אַלע מניעות, וואָס שטייען אין וועג פון דער פאַרווירקלאַכונג פון דעם אידעאַל, וואָס זשיטלאָווסקי און פּרץ האָבן אָוועקגעשטעלט פאַר יעדן אידן, נעמלאַך, צו קאָנען לייענען די הייליגע שריפטן אינם אָריגינאַל — דאָס דאַרף ווערן די אויפגאַבע פון יעדן מיטגליד פון בונד. די אידישע שפּראַך קאָן ניט זיין נאַציאָנאַל, זי קאָן ניט זיין רעליגיעז, און דעריבער אויך ניט מענטשלאַך און ניט פול קולטור־ווערטיק אָן דער פאַרווירקלאַכונג פון דעם דאָזיקן אידעאַל.

און ניט אָפּשטעלן, חלילה, דאַרף מען זיך בא דעם דאָזיקן אידעאַל. חלומן, טראַכטן און טאָקע אַרבעטן דאַרף מען פאַר דער פאַרווירקלאַכונג אויך פון דעם אידעאַל פון דער ווידער־אויפלעבונג פאַר דעם ראַדיקאַלן דור פון אַלע אַנדערע רייכע אוצרות, וועלכע זיינען אין באַזיץ פון דער קאָנסערוואַטיווער אידישער וועלט. אייגן דאַרף און זאָל ווערן די קומענדיקע ראַדי־קאַלע דורות דער תלמוד און די מדרשים, די חקירה ספרים און די מוסר ספרים, די קבלה און חסידות. ווי אַ תנאי פאַר צו ווערן דער בעסטער און העכסט אַנטוויקלטער מענטש, האָט סאָקראַטעס אָוועקגעשטעלט די דערקענטעניש פון זיך גופא מצד פון יעדן איינציקן מענטשן. ווי אַ צווייטער תנאי פאַר דער דערגרייכונג פון דאָס העכסטע און בעסטע אין מענטש, געזעלשאַפט און פאָלק, וואָלט, גלויב איך, געדאַרפט אָוועקגעשטעלט ווערן דאָס וויסן, דאָס דערקענען דאָס דורכגענומען ווערן ביז צו אַלע טיפענישן מיט דעם גייסט און מיט דער קולטור פון דעם אייגענעם פאָלק. די שטודיעס פון גייסט און קולטור פון אַנדערע פעלקער דאַרף דערפילט ווערן ווי אַ מיטל צום ציל פון דער דערקענטעניש פון די גייסט און קולטור טיפעניש פון אייגען פאָלק און דורך זיי

פון דער גאנצער מענטשהייט. אונזערע קינדער טארן ניט פון היינט און ווייטער, בארויבט ווערן פון די אוצרות, צו וועלכע אזויפיל פון אונז, ראדיקאלן, זיינען ניט צוגעלאזן געווארן צוליב דעם פאלשן בליק מצד פון די אזוי גערופענע פריי־דענקער סיי אויף דעם קאנסערוואטיזם, סיי אויף דעם ראדיקאליזם.

דער פארמעסט אבער אויף די גאר הויכע און דערהויבענע אידעאלן, וואס פאדערן גרויס אפפער אויף ארייננברייננגן זיי אין לעבן צווישן דעם רוב מנין און רוב בנין פונם אידישן פאלק, טאר בשום אופן ניט פירן צו דעם, אז עס זאל פון אויג און געדאנק ארויסגעלאזן ווערן דאס וואס קאן פארווירקלאכט ווערן אויף א גרינגערן אופן און מיט א סך ווייניקער מסירת נפש.

לאמיר אלע ראדיקאלן אנהויבן קודם כל מיט דעם, וואס יעדעס קינד אונזערס זאל קאנען לייענען און פארשטיין די אלע תפילות, וועלכע זיינען פול מיט פאעטישער שיינקייט, פילאסא־פישער טיפקייט און רעליגיעזער דערהויבנקייט און געלייטערקייט און וואס אין זיי האבן אידן פאר הונדערטער יארן ביחידות און בציבור אויסגעגאסן פאר דעם האר פון דער וועלט דעם צער פון צארן און די פרייד פון גליקזעליקייט, וואס האבן אנגעפילט און דורכגענומען זייערע הערצער און נשמות. דאס זיינען געווען אויסגוסן, וואס האבן פארטיפט זייער גייסט און געשטארקט זייער מוט און ווילן אויסצופאלגן אין אנגעזיכט אפילו פון טויט דעם אינערלאכן געבאט און ניט דעם אויסערלאכן צוואנגס־באפעל. און זאלן די טאטעס, וועלכע האבן נאך ניט פארגעסן דאוונען און קאנען נאך פרוש המילות, ניט ווארטן און זיך ניט פארלאזן אויף די נאציאנאל־ראדיקאלע שולן, נאר אליין טאקע אנהויבן איבער־געבן זייערע קענטענישן אין אידיש און אידישקייט צו זייערע קינדער. זאלן די טאטעס דערזען און באנעמען, אז גאר א סך זייטלאך און שורות אין די שאפונגען פון די אידישע שרייבער קאנען ניט דערפילט און פארשטאנען ווערן פון די יעניגע קינדער אפילו וואס האבן שוין גראדואירט אונזערע ראדיקאלע שולן און דאס איז פשוט דערפאר, וואס צו די דאזיקע קינדער איז פרעמד דער גאנצער רעליגיעזער לעבנס שטייגער מיט זיין נשמה און גייסט פארכאפנדיקער הייליקייט פון טעג, פערזאנען און ערטער, וועלכע זיינען געווען און וועלן זיין אלע מאל דאס בלוט און פלייש, ביין און מארך פון די טיפסטע שאפונגען אין דער אידישער ליטעראטור. פרעמד זיינען צו זיי די ווערטער און נאך מער פרעמד צו זיי איז דער גייסט פון דעם אלעמען, ווייל אלץ וואס האט א שייכות צו רעליגיע און רעליגיאזיטעט, אלץ וואס רירט

אַז דעם אַנבונד פון מענטש אַז גאָט איז דאַך צוליב די קרומע וועגן, אויף וועלכע מען האָט אונז געצוואונגען צו טרעטן, באַטראַכט געוואָרן פאַר טריף־פּסול, פאַר רעאַקציאָנער, ניט וויסנשאַפטלאַך און ניט פּראָגרעסיוו. אויף אַזאַ אופן איז צו דער עקאָנאָמישער אָרימקייט פון די וואָס זענען אונטער דער פאָן פון ראַדיקאַליזם, צוגעקומען אויך די אָרימקייט פון גייסט און פלאַכקייט פון נשמה. מיט דעם פאַלשן בליק אויף די שייכותן צווישן מענטש און גאָט, גוף און נשמה, מאַטעריע און גייסט, צייט און אייביקייט, געגנוואַרט און פאַרגאַנגענהייט—האָבן קיינע פון די ראַדיקאַלע שולן ניט געקאָנט אַריינגעבן אַ גייסטיקן אָטעם און אַ לעבן פון גייסט אין די קינדער, וועלכע זיי האָבן געלערנט און דערצויגן. מיט די דאָזיקע קינדער, ווי מיין קאָנטאַקט מיט זיי די לעצטע יאָרן, האָט מיר באַוויזן—איז ווי מיט דער ערד אין אָנהויב פון בּאַשאַף: וויסט און ליידיק און פינצטערניש אויפן געזיכט פון די תהומן, פון זייערע נשמות. און ניט בעסער איז אייגענטלאַך מיט אונז אַליין—אַפילו מיט די בעסטע פון אונז—זייערע עלטערן ראַדיקאַלן. זייער אָפט דערזע איך לעצטנס אונז ראַדיקאַלן—אַפילו די דיינקער און דיכטער אונזערע און גרויסע שאַפער אין אַלגעמיין—אין אַ ליכט, וואָס דערמאָנט מיר די ביינער פון טאָל, אין וועלכן גאָטס האַנט האָט אַראָפּגעלאָזט דעם נביא יחזקאל:

די האַנט פון גאָט איז געווען אויף מיר,
און ער האָט מיך אַרויסגעטראָגן מיט דעם גייסט פון גאָט
און האָט מיך אַראָפּגעלאָזט אין מיטן פון דעם טאָל,
און ער איז געווען פול מיט ביינער.
און ער האָט מיך פאַרבייגעפירט פאַרביי זיי רונד אַרום,
ערשט זיי זיינען געווען זייער פיל איבערן טאָל,
און פאַרוואָר, זיי זיינען געווען זייער פאַרטריקנט.

קענען מיר—ראַדיקאַלע טאַטעס, מאַמעס און אונזערע קינדער לעבעדיק ווערן? דער ענטפער מוז זיין: מיר קענען און מיר ווילן לעבעדיק ווערן!

לאָמיר נאָר באמת שטאַרק דערפילן און דערזען די קרומקייט פון די וועגן, אויף וועלכע מיר זיינען געגאַנגען ביז איצט, לאָמיר נאָר אָפּענהאַרציק זאָגן זיך און אונזערע קינדער און צו אַלע וואָס ווילן נאָר הערן: יאָ, מיר האָבן געבלאָנדזשעט. מיר האָבן גאָר אַ ס ך פאַלשקייטן אָנגענומען פאַר אמתן, וואָס טאָרן גאָר ניט, ווי מיר האָבן געגלויבט, אָפּגעפרעגט ווערן. מיר האָבן זיך געבוקט צו אָפּגעטער, מיינענדיק, אַז דאָס זיינען געטער, און אומפּייאיק

זיינען מיר אליין געווארן און אומפייאיק געמאכט אונזערע קינדער גאטס ווארט צו פארנעמען.

לאמיר נאר אליין איצט דערזען אין אנאנדער ליכט די וויסנשאפט, דעם פראגרעס, די וועלטלאכקייט, די קולטור און די ציוויליזאציע, לאמיר נאר אנדערש אויפנעמען די ווייטסטע פארגאנגענהייט פון דער גאנצער מענטשהייט אין אלגעמיין און פון אונזער פאלק באזונדערס; לאמיר נאר פון דאס ניי דורכגענומען ווערן מיט די וואונדערבארע אנטפלעקונגען און אויסדרוקן פון וועלט-גייסט און מענטש-גייסט אין די פארשיידענע תקופות פון וועלט-דויער. לאמיר נאר אנכאפן און מער ניט אפלאזן די גאלדענע קייט, וואס ציט זיך פון אייביקייט ביז אייביקייט און קניפט אן אלע צייט-אויסשניטן איינע אין די אנדערע; לאמיר אין אונזערע היימען שוין פון היינט אן שאפן פאר זיך און די קינדער אן אייגענארטיגע פול מיט כונה, מיט געפיל און פארשטענדיקייט העליגיעז-ראדיקאלע און ראדיקאל-רעליגיעזע אטמאספער — אן אטמאספער, וואס זאל זיין גינסטיק פאר דעם אנשלאג און דורכשלאג פון גאטס ווארט, וואס זאל אויך פארשטאנען ווערן — ווי די נביאים האבן עס פארשטאנען—ווי דאס ווארט פון דער העכסטער גערעכטיקייט. מיטן אויפלעב פון דעם דאזיקן ווארט אין אונז און אין אונזערע קינדער וועלן מיר און זיי לעבעדיק ווערן, און לעבעדיק וועלן ווערן די לערער, און א ניי לעבן וועט אריינגעבראכט ווערן אין אלע ראדיקאלע שולן מיט נייע בליקן און גאנץ אנדערע צוגאנגען צו גאט, נשמה און גייסט, צו אייביקייט און צום ווייטסטן אמאל אין דעם עבר ווי אין דעם עתיד. און אונזערע דיכטער, וואס וועלן קומען נאך לייוויקן און ווער ווייס אפשר נאך לייוויק אליין, וועלן שאפן חנינה'ס, וואס וועלן געבן ניט קיין האלבן, נאר א גאנצן ענטפער צו דער פראגע: ווער איז גוזר?

„ווער איז גוזר?"—פרעגט דבורה חנינה'ן און ער ענטפערט „אחריות". „און ווער נאך?"—פרעגט זי ווייטער און ער ענטפערט: „ליבשאפט".

ניט אחריות אבער און ניט ליבשאפט קאנען זיין — אין די ווערטער פון שפינאזא — אין זיך גופא, און ניט זיי קאנען דורך זיך גופא באגריפן ווערן. זיי קאנען זיין בלויז אטריבוטן פון דעם וואס איז אין זיך גופא און קאן דורך זיך גופא באגריפן ווערן, אטריבוטן פון דעם, וואס פון אים זיינען מיר אליין און אלץ אין אונז פועל יוצא'ס — אטריבוטן פון גאט. ער און נאר ער קאן גוזר זיין. דער אחריות געפיל אין אונז, דער ליבשאפט געפיל

אין אונז זיינען אפּקלאַנגען פון זיין גזר. דאָס פילן און דאָס באַנעמען גאָטס פאַראַנאַנקייט קומט צום העכסטן און בעסטן אויסדרוק דורך די געפילן פון אחריות און ליבשאַפט און די מעשים, צו וועלכע זיי פירן. אַז דעם פילן און באַנעמען פון דעם וועלט־גייסט, ווי דעם מקור פון אַלץ, ווערן גאָר גיך אויסגעוועפּט די געפילן פון אחריות פאַר מענטש און פון ליבשאַפט צו מענטש. קליין און נישטיק ווערט דער עטישער שוואונג בכלל און אַנגעפילט ווערן די נשמות מיט ווינסטעניש, פּוסטקייט און פינצטערניש. דאָס איז וואָס דער ראַדיקאַליזם האָט ביז איצט ניט איינגעזען. דער קאָנסערוואַטיזם ווידער מיט זיין אָרגאַניזירטער אָדער אינ־סטיטוציאָנעלער רעליגיע האָט געזינדיגט אויף דעם, וואָס ער האָט געשטעלט דעם טראָפּ אויף פאָרם אָנשטאָט אויף אינהאַלט, און אַזוי אַרום איז מעגלאַך געוואָרן מיט גאָטס נאָמען אויף די ליפּן טראָגן אין זיך געפילן פאַרדאַרבענע און באַגיין מעשים אוממאָ־ראַלישע. אויסגערונען דאַריבער איז די רעליגיאָזיטעט פון דער רעליגיע. געוואָרן איז זי אַ רעליגיע פון כהנים אַנשטאָט פון נביאים.

צוריק צו גאָט, אָבער, נאָר און ניט אַנדערש ווי אויף די וועגן פון די נביאים; צוריק צו גאָט, אָבער נאָר און ניט אַנדערש ווי אויף דעם וועג פון פולסטער מאָראַלישער אחריות פאַר מענטש, פאָלק און מענטשהייט און פון פולסטער מאָראַלישער און עסטעטישער ליבע צו וועלט און מענטש — דאָס איז צו וואָס עס מוז שטרעבן דער רעליגיעזער ראַדיקאַליזם.

אַזאַ שטרעבן, שטעל איך מיר פאָר, האָט דער נביא יחזקאל אין זינען געהאַט, ווען ער האָט אין גאָטס נאָמען געזאָגט צו דיביינער:

זעט: איך ברענג אַריין אין אייך אַן אָטעם,
און איר וועט לעבעדיק ווערן.
יאָ, איך וועל געבן אויף אייך אָדערן,
און וועל אַרויפטאָן אויף אייך פלייש,
און אַרויפציען אויף אייך אַ הויט,
און אַריינגעבן אין אייך אַן אָטעם,
און איר וועט לעבעדיק ווערן.
און איר וועט וויסן, אַז איך בין יהוה.

שטרעבנדיק אָבער צום גרעסטן, לאָמיר תּכּף אָנהויבן מיט דער רעאַליזירונג פון דעם קלענסטן, מיט דער פעסטער דעטער־מינאַציע ניט צו בלייבן שטיין דערביי. לאָמיר אָנהויבן מיט דעם סדור׳ל און מיט די טיף האַרציקע און נשמה דערהויבנדיקע

תפילות, וועלכע קאָנען ניט פון דער וויסנשאַפט און ניט פון דעם פּראָגרעס און ניט פון דער גאַנצער קולטור אינאיינעם מיט דער ציוויליזאַציע, אָפּגעפּרעגט ווערן. לאָמיר פון דאָס ניי זיך אַליין אָנהויבן צו לערנען און לערנען אויך אונזערע קינדער אויסצוגיסן אונזערע און זייערע הערצער און נשמות אין באַהעפ־טונג מיט דער העכסטער קראַפט אין דער וועלט. און לאָמיר אויך דערגענצן פון צייט צו צייט די אַלטע תפלות מיט די נייע געשאַפענע אין אונזער פאָלקס שפּראַך אידיש, וועלכע וועט אַלץ מער און גיכער אָנהויבן דערפילט צו ווערן ווי אַ הייליגע שפּראַך וואָס מער עס וועלן אויף איר געשאַפן ווערן טיפע און שיינע הארץ־אויסגוסן צו דעם, וואָס לעבט אייביק און וואָס איז אומ־ענדלאַך און וואָס צו אַ באַהעפטונג מיט אים און צו אַ טיפערער דערקענטעניש פון זיין מהות וועט ניט אויפהערן בייגקן די מענטשלאַכע נשמה.

אָט שטעל איך צו, ניט אָנפּרעננדיק באַ לייוויקן, דאָס וואָרט גאָט נאָך זיינע ווערטער „צו דיר", און עס ווערט פאַר מיר, ווי עס קאָן ווערן פאַר אַלע רעליגיעזע ראַדיקאַלן אַ תפילה פון ליד: „אַמאָל ווי אַ בלינדער" :

אַמאָל ווי אַ בלינדער,
אַמאָל ווי אַ העלזעער —
גיי איך מיין וועג
צו דיר, גאָט !

און אַלע מאָל קום איך
צום ראַנד פון אָפּגרונט —
און אַלע מאָל רוף איך
צו דיר, אָ, גאָט !

און אַלע מאָל הערסטו
דעם קול פון מיין רופן,
ווי אַ זון וואָלט גערופן
צו דיר, גאָט.

וואו ביסטו ? קום, העלף מיר —
די פּשוט'סטע ווערטער —
אַזוי טו איך רופן צו דיר,—אָ, גאָט !

## ג.

פון דאס ניי דארפן מיר, ראדיקאלן, איינקריצן אין אונזער זכרון און אין דעם זכרון פון אונזערע קינדער די פאלגענדיקע ווערטער פון יצחק לייבוש פרץ:

„די אידעע, אז עס איז פאראן עפעס העכערס, פאר וועלכן א מענטש דארף זיך אמאל אפשטעלן, אויף די קני פאלן און זאגן: איך האב געזינדיגט, און וועל ניט מער, איך נעם דעם וועג, שטייגנדיק צו דיר . . . די אידעע איז ניט קאנסערוואטיוו, ניט קענען פראגרעס און ניט קענען דעם אלעם, צו וועלכן איר שטרעבט"...קוקט אריין, בלעטערט דאס תנד'ל דורך און זעט, צי עס איז דא ערגעץ א געבאט איר זאלט הונגערן? צי האט גאט ערגעץ אנגעזאגט, אז מענטש זאל פירן פאר קעלט? און קומט צו נביא צו, און הערט זיינע רייד! צי שטימען זיי ניט מיט אייערע גוואלדיקע האפענונגען, באדייטענדסטע און וויטסטע חלומות? און דאס סדר'ל עפנט, צי בעט עס ניט אייער געבעט?... אויפסניי מוז אויפלעבן א אידיש לעבן. די ביבל מוז געטראגן ווערן צום פאלק אלס זאמען, די אידישע פאלקסטימלאכע סימבאלן און לע־גענדן אויפסניי אויפגעפרישט, וועלן זיין טוי און רעגן! אויפלעבן וועט דאס פעלד, אויפלעבן וועט דאס פאלק, אויפוואכן צום ליידן פאר אמת און צום פעסטן גלויבן אין זיין זיג!

„אויפגעהויבן מוז ווערן די פאן פון אידישן רענעסאנס, פון מ ש י ח, און ו ו ע ל ט מ ש פ ט און ו ו ע ל ט ־ ב א ־ פ ר י י א ו נ ג, פון דער קינפטיקער פרייער מענטשהייט!

„דאס איז די מיסיע פון אייביקן פאלק, פון וועלט־פאלק, דאס מוז געבן דאס אידישע לעבן, דאס אידישע הויז, די אידישע שול, דאס אידישע בוד, און אלץ וואס אידיש איז".

ווידער אויפלעבן מוז אלזא אלץ דאס פון דעם אלט אידישן לעבנס־שטייגער, לעבנס־פארטיפונג און לעבנס־דערבליקונג, וואס האט אן אייביקן זין און ווערט און וואס קאן ניט אפגעפרעגט ווערן פון שכל און לאגיק. גאר א סך פון דעם, וואס האט זין און ווערט איז איבער דעם שכל און דער לאגיק. דאס לעבן גופא איז אייגענטלאך צווישן די קאטעגאריעס, וואס שטייגן אריבער סיי דעם שכל, סיי די לאגיק. און דאריבער מוז און זאל אלעם ווערטפולעס אין דעם אמאל פון פאלק ווידער אויפלעבן ניט נאר, ווי זשיטלאווסקי דיינקט, אויף א נאציאנאל פאעטישן אופן, נאר אויך און טאקע דער עיקר אויף א נאציאנאל־רעליגיעזן אופן. ניט ווארטן זאלן מיר און ניט פארלאזן זאלן מיר זיך אויפן שכל און דער לאגיק, אז זיי זאלן אונז און אונזערע קינדער מיט געפילן

באַרייכערן. שכל און לאָגיק זאָלן געפילן קאָנטראָלירן. זיי קאָנען אָבער ניט אַרויסרופן קיין געפילן און גאָר שטאַרק אויף דער וואָך מוז מען זיין, אַז זיי זאָלן ניט פּאַראַליזירן און אָפּטויטן די געפילן.

ווי דער שיפס קאַפּיטאַן איז ניט ביכלת צו שאַפן דאָס וואַסער, אַז וועלכן די בעסטע שיף קאָן זיך ניט רירן פון אָרט, אַזוי האָט דער שכל און די לאָגיק נאָך קיינמאָל ניט געשאַפן און וועט ניט שאַפן וועלכע עס איז געפילן, סיי די העכסטע, סיי די נידעריגסטע און מעגן ווי זיגזאַגיש זיך שלענגלען די וועגן פון מענטשלאַכער אַנטוויקלונג און מעגן ווי טיף און גרונטיק זיין די רעוואָלוציעס אויף אַלע פעלדער און געביטן פון מענטשלאַכער קולטור און מענטשלאַכן אינאַיינעמלעבן, וועט סוף כל סוף אַרויפשווימען דער רעליגיאָזיטעטס געפיל ווי די אַנרעגענדיגסטע און באַוועגענדיגסטע קראַפט אינם מענטשלאַכן לעבן. און אין דעם לעבן פון פאָלק און געזעלשאַפט זיינען די לעבנסשטייגערס און לעבנס פאָרמען דער אויסדרוק פון די טיפסטע, דויערהאַפטסטע און ווירקזאַמסטע געפילן, און צוריק ווידער אויך דער וויכטיגסטער פאַקטאָר און די שטאַרקסטע קראַפט פאַר דעם אַנהאַלט און אַנטוויקלונג פון געפילן בכלל און פון דעם רעליגיאָזיטעט געפיל בפרט.

און דערפאַר האַלט איך פאַר זייער וויכטיק דעם רוף פון חיים זשיטלאָווסקי פון מיט פערטל יאָרהונדערט צוריק, צו אַ ווידערגעבורט פון דער אידישער רעליגיע און פון דער ווידער־אויפשטעלונג פון דעם אידישן רעליגיעזן לעבנסשטייגער פון דעם אידישן פאָלק. און וואָס מיר האָבן דעמאָלט ניט געטאָן, זאָלן מיר איצט יאָ טאָן: זאָלן מיר נייגן אונזערע אויערן צו דעם דאָזיקן רוף און זאָל דער ווידערגעבורט קומען ניט נאָר אויף אַ נאַציאָנאַל פּאָעטישן אופן, נאָר אויך אויף אַ נאַציאָנאַל ראַדיקאַלן רעליגיעזן אופן.

„מיר קענען" — שרייבט זשיטלאָווסקי — „טאָן אַלץ, אפילו טרויערן אין תשעה באב, פאַסטן אין יום־כפור, אָנצינדן ליכט לכבוד שבת און נאָך „ערגערע" זאַכן, אויב מיר געפינען אין זיי נאַציאָנאַל־פּאָעטישן אינהאַלט, אַ מענטשלאַכן געדאַנק, פאַר וועמענס שכל און יושר מיר האָבן זיך ניט וואָס צו שעמען... די אידישע רעליגיע גיט אונז אַמאָל אין די הענט אַ פּאָעטישן וואונק, וואָס מען קאָן אים אויסנוצן און קינסטלעריש ווייטער אויסאַרבעטן אַזוי, אַז דאָס אידישע לעבן זאָל אין זיינע שבתים און יום־טובים באמת פאַנאַנדערבליען אין אַ נייער, רייכער קינסט־לערישער פּראַכט.

„דער לולב און אתרוג פון סוכות, צום ביישפיל, וואלט גע־
קאנט אין דער נאציאנאל - פאעטישער ווידערגעבורט פארוואנדלט
ווערן אין גאנצע גאלערעען פון לולבים, אתרוגים, הדסים, ערבות,
שיינע לולב געפלעכטן, וואס זאלן באצירן דאס אידישע הויז די
גאנצע אכט טעג פון'ם סוכות יום טוב . . . יעדער אידישער מנהג
האט אין זיך עפעס אזוינס, וואס קאן פאעטיש פארטיפט און
פארשענערט ווערן און באקומען א ריין מאדערנע פארם, מיט
אפשר א גאנץ נייעם וויכטיגן אינהאלט".

לאמיר, אלזא, ראדיקאלן טאן, וואס מיר האבן ביז איצט
ניט געטאן. פאר תשובה טאן איז קיינמאל ניט צו שפעט, די
צייט איז אלע מאל פאסיק פאר דעם, און דער בעל תשובה וועט
אלע מאל פארנעמען אן אנגעזען ארט צווישן די צדיקים גמורים.
לאמיר איצט מיט די נויטיקע מאדיפיקאציעס אויפנעמען דעם
רוף. לאמיר ראדיקאליזירן אזוי צו זאגן דעם ראדיקאליזם,
וועלכער איז געווארן שרעקלאך קאנסערוואטיוו. לאמיר ארייג־
בלאזן אין אים א לעבנסאטעם, לאזן דורך פארשיידענע קאנאלן
ארייגשטראמען אין אים פריש קוואליג וואסער, וואס זאל רייניקן
דעם שימל, פאנאנדערטרייסלען די סטעגנאציע און א סוף מאכן
צו דער זומפיקייט. זאל רעליגיאזיטעט אין איר טיפסטן, שענסטן
און דערהויבנסטן זין און אייביגסטן און אומענדלאכסטן ווערט
זיין אט דער דאזיקער רוח החיים. לאמיר אין אונזערע היימען,
אין אונזערע קינדער־שולן און וואו און ווען נאר מעגלאך אויף
די גאסן, אין די פעלדער, גערטנער און וועלדער און בא אלערליי
ספעציעל פאר דעם באשטימטע איינזאמלונגען אויפלעבן אויף א
אידיש־נאציאנאל־ראדיקאלן אופן די אידישע רעליגיע און די
אלטע און עלטסטע רעליגיעזע לעבנסשטייגערס, לעבנס פארמען
און אויסדרוקן. די אויפלעבונג פון די רעליגיעזע לעבנסשטייגערס
און לעבנספארמען אין דעם ראדיקאלן טייל פון אידישן פאלק,
דארפן און זאלן פירן צו דער פארטיפונג און דערהויבונג ניט
נאר פון רעליגיע בכלל, נאר טאקע און דער עיקר פון דער אידישער
רעליגיע. אזא פארטיפונג און דערהויבונג וועט ממילא פירן צו
דער פארטיפונג און דערהויבונג פון דער אידישע קולטור און פון
דעם אידישן פאלק.

לאמיר אין דער דאזיקער אייביק אלטער און אייביק נייער
רעליגיאזיטעט אריינגעבן אזוי פיל פאעזיע, עסטעטיק און קינסט־
לערישקייט, וויפיל עס לאזט זיך נאר און וויפיל עס פארמאגט
נאר אונזער איצטיקע פאנטאזיע. לאמיר דערביי אבער פעסט
האלטן אין אונזער זכרון דעם פאקט, אז פאעזיע האט קיינמאל

ניט פארנומען און וועט קיינמאל ניט פארנעמען דאס ארט פון רעליגיאזיטעט. קיין קולטור אויסדרוק אגב קאן ניט סובסטיטור־אירט ווערן פאר אנאנדער קולטור־אויסדרוק. אוועקצונעמען איז אונזער פארשטעלונג גאט און געטלאכקייט פון רעליגיאזיטעט און הייליקייט, און נאר אלץ רעדן וועגן זיי ווי וועגן ממשות׳קייטן, איז דאס זעלביקע ווי אוועקצונעמען אין אונזער כח הדמיון נשמה פון גוף און נאר אלץ רעדן וועגן א לעבעדיק מענשלאך וועזן, אדער ווי צו רעדן וועגן א לעבעדיקן פון הויט אויסגעשיילטן קערפער. דער ה׳ אלהינו ה׳ אחד פונ׳ם שמע ישראל און דער „והוא לבדו אלהינו היה הוה ויהיה" פון דעם צווייטן עיקר פון די שלשה עשר עיקרים—מוזן בלייבן דער אויסגאנגס פונקט און ענד ציל פון רעליגיע, רעליגיאזיטעט און פון יעטווידער געפיל און באגריף פון הייליקייט. רעליגיאזיטעט און רעליגיעזער לעבנסשטייגער דארפן זיך האבן איינער די אנדערע, ווי עס דארפן זיך איינע די אנדערע נשמה און גוף אין דעם לעבעדיקן מענטש־לאכן וועזן.

מיר מוזן לייטערן די אידישע הייליגטימער און פון דאסניי, — מעג עס אפילו לכתחילה אנקומען אונז זייער שווער — אויסלערנען זיך און אונזערע קינדער אין די היימען און אין די קינדער ־ שולן הייליג צו האלטן אלץ, וואס איז ווערט הייליג געהאלטן צו ווערן און אלץ וואס קאן צוליב דער הייליקייט פארטיפן און פארפיינערן עטיש און עסטעטיש די נשמה און גוף פון קינד און דערוואקסענעם. דאס דארפן ווערן איינע פון די אויפגאבן פון יעדן מיטגליד באזונדער און פון אלע מיטגלידער אינאיינעם פון דעם קולטור בונד און פון אלע רעליגיעז ראדיקאלע פאראיינען און געמיינדעס, וואס וועלן און זאלן זיך גרינדן ארום אים און פאראלעל צו אים. ניט שפארן זאלן מיר קיין מי און איבערגעבנקייט אויף דער דורכפירונג פון דער דאזיקער אויפגאבע מיט וואס מער שלימות. א גוטע סגולה אויף צו לייכטערן די לכתחילה׳דיקע שוועריקייטן און דער באַ־נייאונג פון די אלטע לעבנסשטייגערס, איז זיך צו דערמאנען, ווי שווער עס איז אונז אנגעקומען די אפיקורסות אין די ערשטע צייטן : ווי מיר האבן זיך, למשל, געווארגן מיטן ערשטן ביסן אין יום כפור און זיך געשטיקט מיטן ערשטן שבת קודש׳דיקן סיגארעטל. הגם מיר האבן מיט אונזער גדאנק באטראכט פאר גרויסער מצוה און פאר גרויסן אויפטו סיי דאס עסן, ווען אידן פאסטן, סיי דאס רויכערן, ווען אידן רויכערן ניט.

דאס היטן און ניט נאר דאס געדיינקען די הייליגע טעג,

דאָס אַנשטרייננגען זיך אויף אַריינצוברייננגען וואָס מער כונה אין די אַריבערגענומענע און אין די ניי געשאַפענע פאָרמען און שטייגערס פון פייערן יעדן יום־טוב כהלכתו, וועט פירן צו אַ פאַרטיפונג און פאַרפיינערונג פון די שייכותן צווישן מענטש און גאָט און דורך דעם אויך מענטש און מענטש. יעדעס אָרט וואו נאָר מיר וועלן זיך איינזאַמלען צו געדיינקען און צו היטן די אַלטע רעליגיעזע לעבנסשטייגערס און צו שאַפן נייע און אַלץ אויף אַן אופן, וואָס זאָל דערמעגלאַכן צו ברייננגען צום אויסדרוק דאָס טיפסטע און העכסטע אין אונזער גייסט — יעדעס אָרט אַזעלכעס וועט זיין אַ מקום קדוש און זיין זאָל מיט אונז ראַדי־קאַלן אַלע מאָל די שטרעבונג אַרויסצוקומען פון אונזערע הייליגע פלעצער ניט נאָר רעליגיעז דערהויבן, נאָר אויך עטיש געלייטערט, מער באַרייט אַלעמאָל פאַר דער דורכפירונג פון די העכסטע אידעאַלן פון דער סאָציאַלער עטיק, וואָס נאָר אויף איר ווי אויף אַ פונדאַמענט קאָן טורמען אין די הימלען אַריין די עטיק פון יחיד. און פאַר דער אַנטוויקלונג סיי פון דער סאָציאַלער, סיי פון דער יחידישער עטיק, איז ניט געוועזן און עס וועט ניט זיין קיין טיפערע רעגונג און קיין שטאַרקערע קראַפט, ווי די רעגונג און קראַפט פון רעליגיאָזיטעט. וואָס נאָך קאָן אַזוי אַנטוויקלען די פערזענלאַכקייט אין מענטש אין זיין יחידישער און סאָציאַלער געשטאַלט, וואָס נאָך קאָן אַזוי פאַרשטאַרקן זיין אומאָפּהענגיקייט, זיין שטייגן איבער אַלע קליינלאַכקייטן און נישטיקייטן ווי דאָס אַריינברייננגן אים אין דער שטימונג און אין דעם געפיל צושטאַנד פון צו זיין ביכלת צו דערקענען ביז צו אַלע זיינע טיפענישן דעם זין פון „שויתי ה' לנגדי תמיד — איך האַלט גאָט שטענדיק פאַר מיינע אויגן — און פון דעם „כי אם בתורת ה' חפצו ובתורתו יהגה יומם ולילה"—ווייל גאָטס תורה איז זיין באַגער און פאַרטאָן איז ער אין זיין תורה טאָג און נאַכט. דער ערשטער זאַץ באַטייט ריינע רעליגיאָזיטעט אין איר שענסטן און טיפסטן זין. ער איז איינגענטלאַך דער קווינט עסענץ פון דער גאַנצער רעליגיאָזיטעט. דער צווייטער זאַץ באַטייט די קעגנזייטיקע אָפּהענ־גיקייט, קעגנזייטיקע דערפרישונג און באַווירקונג פון רעליגיאָ־זיטעט און עטיק, אָדער פון רעליגיאָזיטעט און קולטור אין אַלגעמיין. תורה איז איינגענטלאַך ניט נאָר עטיק, נאָר אויך עסטעטיק און אויך מעטאַפיזיק און דערפאַר—קולטור אין דעם ברייטסטן און טיפסטן זין פון וואָרט.

ד.

די אנערקענונג פון דער אפהענגיקייט פון אלע צווייגן פון קולטור פון דעם צווייג—רעליגיאזיטעט און זיין אפהענגיקייט פון אלע אנדערע קולטור־צווייגן—איז דער וויכטיגסטער אני מאמין פון דעם דאזיקן קולטור בונד, אויף וויפיל ער איז ניט נאר א רעליגיעזער נאר אויך א ראדיקאלער קולטור בונד. אלס אזעלכער באצוועקט ער צו ברייננען צו זיך און צו אנדערע די רעאליזירונג: ערשטנס, אז רעליגיאזיטעט אין איר טיפסטן און שענסטן אויסדרוק איז א קאנדיציא סינע קווא—אן עפעס אן וועלכן עס איז לחלוטין ניט מעגלאך דער קיום און אנטוויקלונג פון וועלכן עס איז אנדער אויסדרוק פון קולטור און פון קולטור נאטירלאך אין איר גאנצקייט. און היות, ווי די אנטוויקלונג פון מענטש איז ניט שייך אן דער אנטוויקלונג פון קולטור, ווערט שוין ממילא אזוי ארום רעליגיאזיטעט דער אבסאלוטער תנאי פאר דעם קיום און דער אנטוויקלונג פון מענטש און מענטשלאכקייט. די צווייטע רעאליזירונג איז, אז רעליגיאזיטעט קאן ניט ווערן טיף און שיין אין אויסדרוק, קאן ניט באווירקן און באאיינפלוסן צום שענסטן און בעסטן אן דער אנשטרענגונג צו טרייבן וואס טיפער און העכער די אנטוויקלונג פון אלע קולטור אויסדרוקן און מער פון אלץ דעם עטישן אויסדרוק—ווייל זיין אנטוויקלונג זעט אוים צו זיין צוליב טעמים אומדערקענטבארע די שווערסטע און זעל־טענסטע.

נויטיק ווי אין לעבן איז איצט אויף דער אידיש־ראדיקאלער גאס א קולטור בונד, וועלכער זאל אריינברייננן אין אונזערע הערצער און מוחות דעם סינטעז צווישן רעליגיאזיטעט און ראדי־קאליזם דורך דעם, וואס ער זאל אויף דער רעליגיעזער זייט אננעמען די אויבן אויסגערעכנטע אני מאמינס, וועלכע וועלן מיט דער צייט נאטירלאך מאדיפיצירט ווערן און אין צאל פארגרעסערט ווערן, און אויף דער ראדיקאלער זייט זאל ער זיך דערקלערן טריי די פאלגענדע אני־מאמינס, וועלכע ווערן אנגעגעבן דא ווי אן אומרים פאר זייער ווייטערדיקער אויסברייטערונג און פארטיפונג פון די פערספעקטיווע מיטגלידער פון א אידיש נאציאנאלן און רעליגיעז־ראדיקאלן קולטור־בונד.

דאס ערשטע און וויכטיגסטע פאר דעם דאזיקן בונד איז צו גלויבן און צו ארבעטן פאר דעם, אז די גאנצע קראפט פון דער רעליגיאזיטעט, זאל פון יעדן איינציקן ראדיקאל אוועקגעשטעלט ווערן צו דינסט פון דער איבעראנדערשונג פון דעם סאציאלן סדר אזוי, אז יעדער איינער מיטגליד זאל האבן א גלייכן חלק

אין דער עקאָנאָמישער באַלעבאַטישקייט פון דער געזעלשאַפט. און ווי איינער, וואָס אַרבעט צוגלייך מיט אַלע מיטגלידער פאַר דעם געזעלשאַפטלאַכן גוטס, זאָל ער האָבן די פולסטע פרייהייט צו זאָגן אַ דעה און אויסצודריקן זיין מיינונג אין דעם סאָציאַלן און עקאָנאָמישן אָנפיר פון דער געזעלשאַפט.

די טיפסטע רעליגיאָזיטעט—די רעליגיאָזיטעט ווי זי איז פאַרשטאַנען געוואָרן פון די נביאים, און וואָס נאָר זי דאַרף ווי עס איז שוין מער ווי איינמאָל באַטאָנט געוואָרן—ווערן דער פונ־דאַמענט פון דעם דאָזיקן בונד. זי, די דאָזיקע רעליגיאָזיטעט, פאָדערט, אַז דער אידעאַל פון קולטור־בונד זאָל ווערן אַ מיטגלי־דערשאַפט פון מענטשן, וואָס זאָלן זיך אַליין און זייערע קינדער דורך פאַרשיידענע באַמיאונגען און אָפּערוויליקייטן אין דער היים, אין שול און אין גאַס אָנהויבן צו געוואוינען צו פירן אַזאַ לעבן, ווי מיר ווילן און ווי מיר שטעלן זיך פאָר עס וועט געפירט ווערן פון יעדן איינעם, ווען עס וועט פאַרקומען דער סאָ־ציאַלער איבערקער, און אַ געזעלשאַפט אויף מער גערעכטע יסודות וועט קומען צו שטאַנד.

עס איז אונזער חוב שוין איצט צו צוטרעטן צו דער אַרבעט פון צו אַנטוויקלען אין אונז אַליין און אין די קינדער אַ טיפן האַס צו אַ לעבן פון און דורך דעם, וואָס אַנדערע אַרבעטן פאַר אונז און אַ ליבע צו אַ לעבן פון אייגענער אַרבעט. אויב מיר אַליין זיינען, חס ושלום, פון די געשטראָפטע, זאָלן מיר זיך ניט שעמען צו האַסן זיך אַליין און אַרויסווייזן אויף שריט און טריט צו די קינדער אונזער פאַרדרוס אויף אַלץ, וואָס האָט אונז אַריינ־געוואָרפן אין דער קאַטעגאָריע פון עקספּלואַטאַטאָרס. און אויב עס איז ניט פאַר אונזערע כחות די מסירת נפש, וואָס דער אינדי־ווידועלער לעבנס איבערבּרוך פאָדערט, זאָלן מיר כאָטש ניט זשאַ־לעווען קיין כחות אויף אַז אָפּענהאַרציגן אופן צו פאַרהיטן אונזערע קינדער פון אַריינצופאַלן אין דער נעץ פון עקספּלאָטאַטאָרישקייט. און וואָס מער גייסטיגן כח איינער וועט אַרויסווייזן ניט נאָר אויף צו פאַרהיטן די קינדער, נאָר אויך זיך גופא, ניט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן, צו באַפרייען פון דער דאָזיקער נעץ, אַלץ מער געבענטשט וועט ער זיין און אַלץ מער וועט וואַקסן די חשיבות פון זיין מיטגלידערשאַפט אין דעם קולטור בונד. און ניט אויסגעשלאָסן אין די מעגלאַכקייט, אַז מיטגלידערשאַפט אין אַזאַ קולטור בונד זאָל ווערן אַ קוואַל פון אָנרעגונג, פון מוט און קוראַזש פאַר באַ־פרייאונג פון געוויסע נעצן פון ניט נאָר דערהויבענער מאָראַ־

לישקייט און ניט גאר טיפער רעליגיאזיטעט, וואס וואלטן אן אזא ארגאניזאציע ניט צו שטאנד געקומען.

זאל, אלזא, אזא בונד אונז העלפן איינזאפן אין זיך און אין אונזערע קינדער א האס צו א געזעלשאפטלאכן לעבנסאיינשטעל, וועלכער האט מעגלאך געמאכט די עקספלואטאציע פון מענטש און דאס לעבן פון איין מענטשן אויף דעם חשבון פון צווייטן. און לאמיר לאזן אין אונז און אין זיי שלאגןווארצלען פון דער ליבע צו א געזעלשאפטלאכן איינשטעל, אין וועלכן עקספלואטאציע ווערט אוממעגלאך און ארבעט ווערט דער איינציקער תנאי פאר דער מעגלאכקייט פון יעדן איינציקן צו לעבן אין דער געזעלשאפט. און זאל טאקע אונטער ארבעט אנהויבן פארשטאנען ווערן אלץ מער און מער פיזישע ארבעט, ניט דערפאר, וואס אין פיזישער ארבעט, אין דער ארבעט, וואס פאדערט הויפטזעכלאך מוסקול ענערגיע, איז פאראן עפעס העכערעס און ווירדיגערעס ווי אין אנדערע ארבעטן, נאר פשוט דערפאר, וואס פיזישע ארבעט, טאקע צוליב איר מעכאנישקייט און ניט אינטערעסאנטקייט, איז די איינציקע ארבעט, וואס ווען יעדער איינער אין דער געזעלשאפט אן אויסנאם וועט זיך טאן א געוויסע צאל שטונדן אין טאג, וועט קאנען צו שטאנד קומען אט די גלייכהייט, וועלכע עס פאדערט די אין רעליגיאזיטעט איינגעוויקלטע עטיק און די מיט עטיק דורכגענומענע רעליגיאזיטעט. זאל ארבעט בכלל און פיזישע ארבעט בפרט, צוליב דער מעגלאכקייט פאר עטישקייט, וואס זי טראגט אין זיך, שוין אנהויבן גלאריפיצירט ווערן אין אונזערע היימען און אין די קינדישע שולן זאל דאס שטעמפל פון דער־הויבנקייט געלייגט ווערן אויף קינד און קייט, פרוי און מאן, וועמענס הענט זיינען טרענירט צו ארבעטן אויף פעלד און גארטן, אין וואלד און פאבריק. זאל מוסקול ארבעט געקרוינט און גע־הייליקט ווערן צוגלייך מיט קרוינונג און הייליגונג פון תורה לשמה. כדי צו פארגרינגערן און פארשנעלערן דעם פראצעס פון דער סאציאלער רעוואלוציע, לאמיר דערציען, אויב עס איז שוין צו שפעט אונז אליין, איז אונזערע קינדער, מקיים צו זיין טאקע אין מעשה דעם לערזאץ פון דעם תנא שמעיה : אהב את המלאכה ושנא את הרבנות — האב ליב די מלאכה און האב פיינט דאס רבנות — האב פיינט אלץ, וואס איז ניט פיזישע ארבעט ווי א מיטל פאר חיונה.

לאמיר פון דאס ניי אנהויבן איינפלאנצן אין זיך און אין אונזערע קינדער דעם אלטן געבאט פון נישט צו מאכן פון דער תורה קיין קרדום לחפור בו — א מיטל אויף צו פארדינען אויף

אַ לעבן. זאָל יעדער איינער, וואָס קומט אויף דער וועלט מיט אַ באַרוף — אַ באַרוף צו ווירקן און צו באַאיינפלוסן די נשמה און דעם גייסט פון מענטש, פאָלק און מענטשהייט — זאָל ער דעם דאָזיקן באַרוף הייליג האַלטן און לגמרי אָפּגעשיידט פון אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט פּרנסה און וואָס אונטערוואַרפט דעם באַרופער צו גייסטיקער שקלאַפעריי און צו אַלערליי אויפפירונגען, וואָס פאַרשוועכן די הייליקייט פון באַרוף.

לאָמיר אויך אָט שוין אָנהויבן מערן אונזערע אָנשטרענגונגען און באַמיהונגען אויף ניט צו דערלאָזן זיך און די קינדער צו פירן אַ לעבן פון רייכקייט און לוקסוס. זאָל אַ לעבן, וואָס גייט, אַזוי צו זאָגן, האַרט באַ דער ערד עקאָנאָמיש, ווערן אַ נויטווענדיקער באַדינג פאַר יעדן איינעם, וואָס וויל ווערן אַ ווירקענדיקע קראַפט אין דעם פּראָצעס פון איבערבייטן די איצטיקע געזעלשאַפט אין אַ געזעלשאַפט פון סאָציאַלער און עקאָנאָמישער גלייכהייט. פאַר אַ נאָך מער נויטיקן תנאי פון צו זיין אָדער ווערן אַ אָנפירער און טאָן־געבער אין פאַרשטייענדיקן סאָציאַלן איבערקער, זאָל באַטראַכט ווערן דאָס באַפרייען זיך פון קאַפּיטאַל און פון הכנסה אַריינברייגנגענדיקן אייגענטום. דאָס אַלץ דאַרף געטאָן ווערן צוליב דעם, אַז עס זאָל וואָס מער פאַרקלענערט ווערן דער נסיון פון ניט איינשטעלען זיך ביז גאָר פאַר דעם איבערבייט פון דער איצטיקער אָרדענונג. צוויי זאַכן זיינען וויכטיק אויף צו ווערן אַ ווירקנדיקע קראַפט אין דעם גאַנג צו אַ נייער סאָציאַלער אָרדענונג: ערשטנס, דאָס באַוואוסטזיין, אַז אַזאַ איבערקער איז גייסטיק נויטיק און דרינגלאַד. אַז דעם דאָזיקן באַוואוסטזיין וועלן די גרעסטע סאָציאַלע ליידן און שווערסטע אָרימקייט ניט פירן צו קיין נייער און זיכער ניט צו קיין בעסערער און העכערער אָרדענונג. וואו עס פעלט אַזאַ באַוואוסטזיין, מעג די עקאָנאָמישע לאַגע זיין ווי שלעכט, וועט זי ניט פירן ניט צום בעסערן און ניט צום העכערן. צווייטנס, איז נויטיק, אַז עס זאָלן זיין וואָס מער מענטשן אין דער קאַטעגאָריע, וואָס האָבנדיק דעם באַוואוסטזיין און דעם דראַנג צו אַ נייערער און בעסערער אָרדענונג, זאָלן זיי אויך האָבן וואָס ווייניקער צו פאַרלירן עקאָנאָמיש און סאָציאַל פון דעם איינשטעל פון אַ נייעם געזעלשאַפטלאַכן סדר. ערשט מיט דעם פולסטן באַוואוסטזיין, אַז די רעליגיאָזיטעט, די מאָראַל, די עסטעטיק און אַלץ, וואָס גייט אונטער דעם נאָמען קולטור, פאָדערן דעם אויפשטעל פון נייע סאָציאַלע שייכותן צווישן מענטש און מענטש און דערביי האָבן ווייניק וואָס אָדער גאָרניט צו פאַרלירן פון דעם וואָס הירט אָן דעם אייגענעם עקאָנאָמישן און סאַ־

ציאלן מצב, ערשט דאן קאן מען ווערן א מיטקעמפער אין די רייען פון די וואס האבן—אין מארקסעם ווערטער—נאר זייערע קייטן צו פארלירן און די גאנצע וועלט צו געווינען. און מיט אזעלכע אטריבוטן קאן מען אויך ווערן פון די גאר, גאר חשובע מיטגלידער פון א אידיש - נאציאנאלן און רעליגיעז - ראדיקאלן קולטור בונד. די עקזיסטענץ פון אזא בונד, דאס אינאיינעם זיין מיט מיטגלידער פון אזא בונד קאן גאר א סך צו העלפן צו געווינען א שטארקערן באוואוסטזיין פון דער נויטיקייט פון סאציאלן איבערקער און צו פארלירן אינם פערזענלאכן עקאנאמישן און סאציאלן וואוילזיין אלץ דאס, וואס איז א זיכערער שטער צו דעם איינשטעלן זיך בלב ונפש פאר דעם דאזיקן געוואונטשטן און נויטיקן איבערקער. צו דעם אלעם דארף נאך אויך גענומען ווערן אין אנבאטראכט, אז דאס באוואוסטזיניקע און פרייוויליקע אפזאגן זיך צוליב רעליגיעז עטישן אידעאל פון מאטעריעלע גיטער און דאס רעדוצירן פון עקאנאמישן וואוילזיין ביז צו א פיזיש-גייסטיקן מינימום, איז בכלל אן אויסגעצייכנטער מיטל אויף צו שטארקן דעם גייסט, אויף צו פארטיפן די רעליגיאזיטעט אין זיך גופא, אין אונזערע קינדער און אין אלע, מיט וועלכע מיר קומען אין באריר — אן עכט ווירקזאמער מיטל אויף צו דערנענטערן זיך און אנדערע צו גאט, און גאט — צו אונז און אנדערע נעבן און ארום אונז.

פאר די מיטגלידער פון קולטור בונד דארף אבער אויך זיין קלאר, אז מיט דעם וואס איינער, צוליב זיין אומגעהויערער אנ־שטרענגונג, אדער צוליב גינסטיקע פון אים ניט אפהענגיקע אומ־שטענדן, הויבט אן פאר זיך און זיינע אייגענע פירן א לעבן פון כלו טוב אין עטישן, רעליגיעזן זין און אין אלע אנדערע זינען פון קולטור, איז ער נאך אלץ ניט יוצא פאר דעם העכסטן קולטור טריבונאל, ווייל די שענסטע און העכסטע אינדיווידועלע אויפפי־רונג באפרייט ניט קיינעם פון א דירעקטע באטייליגונג אין טע־טיקייט, וועלכע זאל פירן צו א שענערן און העכערן סאציאלן לעבנסשטייגער. די רעליגיאזיטעט און עטיק פונם ראדיקאליזם פאדערט פון יעדן איינעם, אז ער זאל זיך אויף א דירעקטן אופן באטייליגן אין א שווין בעשאפענער באוועגונג אדער אליין שאפן א באוועגונג, וועלכע זאל, לויט זיין איבערצייגונג פירן צום סאציאלן אקט, וואס וועט ברענגען א נייע סאציאלע איינשטעלונג. אין דער איצטיקער צייט רעדט עס זיך וועגן אן איינשטעלונג, אונטער וועלכע עס זאל אוממעגלאך ווערן עקספלואטאציע און פריווילעגירטקייט אויף אלע געביטן, אזוי אז צו לעבן עקאנאמיש

מיט אַלעמען גלייך און ניט זיין סאָציאַל מער מיוחס פאַרן אַנדערן וועט ניט דאַרפן מער באַטראַכט ווערן פאַר אַ טוגענט.

ווי גוט און נויטיק עס זיינען באַוועגונגען פאַר דער רעאַלי־זירונג פון סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע אידעאַלן פאַר דערוואַקסענע מענטשן — פאַר מענטשן אין דער עלטער פון צוואַנציק, איין און צוואַנציק ביז צו זייער לעצטן אָטעם ־ צוג—אַזוי שלעכט און אומ־נויטיק זיינען זיי, לויט מיין מיינונג פאַר קינדער ביז זיי ווערן צוואַנציק אָדער איין און צוואַנציק יאָר אַלט. אַלע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע יוגנט באַוועגונגען, וואָס באַצוועקן עפּעס אַנדערש, ווי אַלגעמיינע קולטור און גייסט אַנטוויקלונג, זיינען, ווי איך בין דערין איבערצייגט, שעדלאַך ביז גאָר, פאַר דער פאַרטיפונג פון גייסט און פאַר דער אַנטוויקלונג פון די פייאיקייטן פון דער יוגנט אויפצונעמען און דורכנעמען צו ווערן מיט די טיפערע זינען און ווערטן פון קולטור. די באַטייליגונג אין אַזעלכע באַוועגונגען אין זייער פריער יוגנט שטערט זיי אין זייער אַנטוויקלונג פון זעלבסטשטענדיקייט אין דיינקען, אין דער אויסאַרבייטונג פון כאַראַקטער און אין דער פאַנאַנדערבליאונג פון פּערזענלאַכקייט.

די קינדער דאַרפן אויף דעם אָפּנהאַרציגסטן אופן דערצויגן ווערן אין דעם באַוואוסטזיין און אין דער שטענדיקער דערמאַנונג, פון דער גרויסער פליכט, וואָס זיי שטייט פאַר, ווען זיי וועלן ווערן יונגע מענער און פרויען — אין דער פליכט פון אַנצושליסן זיך אין שוין געשאַפענע, אָדער ווען נויטיק שאַפן נייע באַוועגונגען פאַר דער רעאַליזירונג פון סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע אידעאַלן. ביז צו דער צייט, ווען זיי ווערן פיזיש און גייסטיק רייף פאַר באַוועגונגס אַקטיוויטעטן דאַרף מען זען, אַז זיי זאָלן איינזאַפּן אין זיך די דאָזיקע אידעאַלן אויף אַן אומבאַוואוסטן אופן אין דער אַט־מאָספער, אין וועלכער זיי ווערן געבוירן און דערצויגן און אויף אַ באַוואוסטזיניקן אופן דורך לערנען און דורך טראַכטן וועגן אַלץ און דורכלעבן און איבערלעבן אַלץ, מיט וואָס זיי קומט אוים צו קומען אין קאָנטאַקט.

איינע פון די אויפגאַבן פון די מיטגלידער פון קולטור בונד איז צו זען, אַז די קינדער אונזערע און די גאַנצע אידישע יוגנט בכלל זאָל אין היים און אין שול אַרומגערינגלט זיין מיט אַט־מאָספער פון אמת, אויפריכטיקייט און טיפסטער אָפּנהאַרציקייט. ווי וואַסער איז וויכטיק פאַרן פיש, לופט פאַר די לונגען, אַזוי איז אַזאַ אַטמאָספער נויטיק פאַר דער גייסטיק גינסטיקער אַנטוויקלונג פון קינד.

„איינע פון די העכסטע אויסדרוקן פון מענטשלאַכקייט"—

האָב איך געשריבן אין אַן אַרבעט — „דערציאונג אַלס זעלבסט־צוועק" — „איז אָפּנהערציקייט אין די באַציאונגען צווישן מענטש און מענטש. זי איז קאַטעגאָריש נויטווענדיק פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַ העכערן מין מענטש און פאַר איינשטעלונג פון העכערע סאָציאַלע באַציאונגען. בנוגע צו די קינדער זיינען די פאָדערונגען פון אָפּענהאַרציקייט און אויסגעהאַלטנקייט נאָך דרינגענדיקער, מחמת זיי נעמען אויף און רעאַגירן אויף אַלץ אויף אַן אינסטינקטיוון אופן.

„די רעליגיעזע דערציאונג אַנשטאַלטן אונזערע ווירקן זייער אָפט דעמאָראַליזירנדיק אויף דעם כאַראַקטער פון קינד. און דאָס איז דערפאַר וואָס דער קאָנטראַסט צווישן דער היים אַטמאָספער און שול אַטמאָספער ברייגנען ארויף צו דער אויבערפלאַך פון קינד'ס באַוואוסטזיין די היפּאָקריטסטוואָ פון די, וואָס רינגלען אים אַרום. מען פאָדערט פון קינד צו טאָן דאָס אין וואָס די פאָדערער גלויבן אַליין ניט אין די טיפענישן פון זייער האַרץ.

„דאָס זעלביקע איז מיט די קינדער פון די סאָציאַליסטישע שולן. זיי געפינען אין דער היים אָדער גאָר קיין שמץ ניט פון סאָציאַליסטישע אויפפירונג, אָדער בלויז אַ בלייכע אָנצוהערעניש אויף איר. אַזוי איז עס אויך מיט די קינדער פון די אַלערליי נאַציאָנאַלע שולן, וועמענס טאַטע מאַמע זיינען אַליין איינגעטונקען אין דער אַמעריקאַניזאַציע".

„נאָר אַ האַרמאָניזירנדיקער, אינטענסיוו־האַרציקע אַטמאָספער אַרום קינד ווירקט צום גוטן אויף דער געשטאַלטונג פונם שפּעטערדיקן מענטש אין אים". מיטגלידער פון אַן אידישן נאַציאָנאַלן ראַדיקאַל־רעליגיעזן קולטור בונד פאַריין אָדער געמיינדע טאָרן ניט קאַרגן קיין מי אויף צו שאַפן אַזאַ אַטמאָספער פאַר די קינדער פון אידישן פאָלק.

דער לעצטער אני מאמין פון דעם קולטור בונד דאַרף זיין דער גלויבן, אַז נאָכדעם, ווי עס זיינען אין אַלגעמיינע שטריכן געגעבן געוואָרן זיינע אידעאַלן, צילן און גרונט יסודות, מעג איבערגעלאָזן ווערן צו יעדן איינעמס געוויסן צו באַשליסן צי איז ער יאָ אָדער ניט ראוי אַלס מיטגליד פון אַזאַ בונד, צי איז ער יאָ אָדער ניט מסוגל צו ווערן ווען עס איז דער אידעאַלער מיטגליד פון אַזאַ בונד. זיין ווילִיקייט זיך אַנצושליסן איז די בעסטע גאַראַנטי פאַר דעם, אַז מיט זיין גוטער כונה וועט ער פיל העלפן צו אַנטוויקלען די אידעאַלן און צילן און צו פאַרפעסטיקן די יסודות פון אַן אידיש־נאַציאָנאַלן און רעליגיעז־ראַדיקאַלן קולטור־בונד.

און זאָלן מיר אַלע אַרבעטן לויט אונזערע כחות און פיאַי־קייטן אויף דעם, אז גרויס זאָל ווערן די צאָל פון קולטור בונדן אויף אידיש־נאַציאָנאַלע און רעליגיעז־ראַדיקאַלע יסודות, וואָס וועלן, אויב אַפילו אויף עטוואָס אַנדערע וועגן, דאַך גיין צום זעלביקן ציל פון סינטעטיזירן רעליגיאָזיטעט און ראַדיקאַליזם, אזוי אז אי די רעליגיע, אי דער ראַדיקאַליזם זאָלן ווערן געשטויסן אין נייע ריכטונגען, און ביידע זאָלן זיי דורד דעם ווערן באמת ווירקענדיקע און אַנטרייבנדיקע קרעפטן אין דער אַנטוויקלונג צו אַלעם גוטן פון אידישן פאָלק און פון דער גאַנצער מענטשהייט.

● Fireside Printing Co., 812 W. Van Buren St., Chicago, Ill. ●

576